פאלקס־קאמיסאריאט פאר בילדונג פון ווסר
שול־פארוואלטונג

ג. יאבראוו

# י. ל. פערעץ
# פאר דער שול

אייניקע מעטאדישע אנווייזונגען
און דערקלערונגען

מעלוכע־פארלאג באם ראטנפאלקאם פון ווסר
מינסק — 1931

פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג פון ווססר
שול־פאַרוואַלטונג

ג. יאַבראָוו

# י. ל. פּערעץ
# פאַר דער שול

(אייניקע מעטאָדישע אָנווייזונגען און דערקלערונגען)

מעלוכע־פאַרלאַג באַם ראַטנפאָלקקאָם פון ווססר
מינסק — 1941 י.

I

# אַרײַנפיר

די סאָוועטישע ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט וועט הײַיאָר ברייט אָפּמערקנ דעמ 90-טנ יאָרטאָג, זינט ס'איז געבוירנ געוואָרנ י. ל. פּערעצ. די דאָזיקע דאַטע דאַרפ פאַרנעמענ א גרויס אָרט אינ שול אויכ. פּערעצעס ליטעראַרישע ירושה איז גרויס אונ פילזײַטיק, זי נייט ארויס ווײַט אויסער די ראַמענ פונ דער ייִדישער ליטעראַטור. די ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט פּערעצעס ווערק וועט ניט נאָר ארײַנפירנ אינ לאַבאָראַטאָריע פונעמ גרויסנ שרײַבער, נאָר וועט אויכ באַרײַכערנ די אַלגעמיינע ליטעראַרישע אַנטוויקלונג פונעמ שילער. דער לערער דאַרפ אָפּגעבנ פיל אויפמערקזאַמקייט דער פּערעצ-טעמע, ערנסט אונ מיט באַהאַנדלענ אונ אַנאַליזירנ פּערעצעס ווערק, ניט סאָציאָלאָגיזירנ אונ ניט וווּלגאַריזירנ זיי, געבנ אַנ אידייִש-קינסטלערישע אָפּהאַנדלונג פונ פּערעצעס שאַפונג.

מיר פרווונ דאָ געבנ אייניקע דערקלערונגענ צומ אַנאַליז פונ פּערעצעס ווערק אינ שול. דער אַנאַליז באַרירט אויכ אייניקע ווערק, וואָס זײַנענ אָנגעמערקט פאַרנ אויסערשול-לייענג. די מעטאָדישע אָנווײַזונגענ זײַנענ ניט קיינ אויסשעפנדיקע, זיי גיבנ בלויז א ריכט-ליניע דער אַרבעט איבער פּערעצעס ווערק. דער לערער אָבער וועט דאַרפנ אינ גאַנג פונ דער אַרבעט אָנווענדנ פאַרשיידענע מעטאָדנ, אָפּהענגיק פונעמ ווערק, וואָס ווערט באַאַרבעט אינ קלאַס.

מע דאַרפ אויכ האָבנ אינ זינענ, אַז לויט די פּראָגראַמענ פונ ייִדישער ליטעראַטור פאַר די קלאַסנ 5—10 דערלערנט מענ פּערעצנ נאָר אינ 6-טנ אונ 9-טנ קלאַס. דעמ לערער פונ ליטעראַטור וועט אויסקומענ ספּעציעל צו דער דאָזיקער יובילי-דאַטע אויסטיילנ עטלעכע שעה פאַר פּערעצנ אינ די איבעריקע קלאַסנ. אינ די עלטערע קלאַסנ קענ מענ אויכ דערלערנענ פּערעצעס ווערק אינ די ליטעראַרישע קרײַזנ, אינ וועלכע מע דאַרפ ארײַנציִענ וואָס מער שילער.

אונדזערע מעטאָדישע אָנווײַזונגענ הייבנ מיר אָנ פונ פינפטנ קלאַס אונ ענדיקנ מיטנ צענטנ. די פאָדערונגענ צומ אַנאַליז פונ ווערק ווערנ אַלצ ברייטער פונ קלאַס צו קלאַס.

מיר לייענ פאר דערלערנענ פערעצעס ווערק לויט די קלאסנ אינ אזא אָרדענונג:

5 קלאס. איניקע קינדערשע לידער. „די לעמפּאָנע פארציילט", „דער מאָ-נאַט", „דרײַ גײמערנס".

6 קלאס. „דער מאָגנעט", „דרײַ גײמערנס", „באַם פרעמדנ בופע-קלײד", „באַסענע נעהאַט".

7 קלאס. „באַם פרעמדנ בופע-קלײד", „באַסענע נעהאַט", „א קלעזמער-טויט", „דער מעשולעכ".

8 קלאס. „א קלעזמער-טויט", „אינ קעלער-שטוב", „באָנציע-שווײַג", „אויב ניט-נאָכ העכער", „די פרומע קאַץ". איניקע לידער: „גלויב אונ האָפ", „עטעס אונ שעסער", „ברידער".

9 קלאס. „מאָניש", „די פרומע קאַץ", „דאָס שטרײַמל", „באַסענע נע-האַט", „א קלעזמער-טויט", „צווישנ צווײ בערג", פערעצעס לירִיק.

10 קלאס. „מאָניש", „דאָס שטרײַמל", „די פרומע קאַץ", „אינ נעמוי-ועכצ", „א קעלבענער קאלטעכיימער", „אויב ניט נאָכ העכער", „צווישנ צווײ בערג", „באַסענע נעהאַט", „שאָלעמ באַיעס", פערעצעס לירִיק.

אינ אלע קלאסנ דארפ נעמוי דורכגעארבעט ווערנ פערעצעס ביאָגראַפיע. אינ די קלאסנ 8—10 דארפ געגעבנ ווערנ א ברייטערע אָפּהאנדלונג פונ פערעצעס שאפונג-וועג, ווו די שילער באקומענ א פארשטעלונג וועגנ די וויכטיקסטע שאפונגענ אונ אויפטוענ פונעמ שרײַבער.

אינ גאנג פונ דער ארבעט איבער פערעצעס ווערק דארפ מענ צוגרייטנ מיט די שילער אינסצעגירונגענ, רעקלאמאציעס, גראפישע סכעמעס אונ נע-מעלנ, פערעצ-אלבאָמענ, וואנט-צײַטונגענ געווידמעט פערעצנ א.א.וו.

צום שלוס פונ דער דורכגעמאכטער ארבעט דארפ מענ דורכפירנ אנ אל-געמײנעמ שול-אָוונט, ווו יעדער קלאס פירט ארויס מיט זײַנע בעסטע נומערנ. פאר די אָנגעזאמלטע עקספּאָנאטנ דארפ מענ אָרגאניזירנ א פערעצ-אויסשטע-לונג. די אָרגאניזאציע פונ דער אויסשטעלונג גיבנ מיר צום סאָפ פונ די מע-טאָדישע אָנווײַזונגענ.

II

# י. ל. פּערעצ

(קורצע ביאָגראַפיע)

יִצכאָק-לייבוש פּערעצ—איינער פונ די קלאַסיקער פונ דער יִידישער ליטעראַטור—איז געבוירנ געוואָרנ אינ 1851 יאָר אינ זאַמאָשטש (געוועזענער לובלינער גובערניע). ער האָט באַקומענ אַ טראַדיציאָנעלע רעליגיעזע דערציִונג. נאָכ אינ זײַנ קינדהײט האָט ער זיכ אויסגעצייכנט מיט זײַנע גענִיאַלע פעיִקײטנ, האָט זייער אַסאַכ געלערנט די טאַלמודישע אונ ראַבאָנישע ליטעראַטור. דער פאָטער האָט אים אויסער רעליגיעזע לימודים אויכ געלערנט פּויליש, רוסיש, דײַטש. צום סאָפ פונ די 60-קער יאָרנ טרעט אַרײַנ פּערעצ אינעם קרײַז פונ די זאַמאָשטשער מאַסקילים, נעמט זיכ באַקאַנענ מיט דער וועלט-ליטעראַטור. אינ 1879 יאָר נִיט אָפּ פּערעצ עקזאַמענ אַפ אַדוואָקאַטור אונ ווערט אַ פּריוואַט-אַדוואָקאַט. מיט גרויסע שהעריקײטנ האָט זיכ אים אײַנגעגעבנ פאַרנעמענ זיכ מיט זײַנ באַשעפטיקונג קימאַט צענ יאָר. די צאַרישע טשינאָווניקעס האָבנ אָפּ אים געקוקט קרום אונ האָבנ מיט רעכט אים כוישעד געווענ אינ ראַדיקאַליזם. פּערעצ האָט זיכ אינ יענער צײַט שטאַרק אינטערעסירט מיט פאַרשפּרייטנ בילדונג צווישנ די יִידישע פאָלקס-מאַסנ, ער אָרגאַניזירט אָוונט-קורסנ פאַר דערוואַקסענע, ווו ער לייענט לעקציעס אַפ פאַרשיידענע טעמעס. דאָס אַלײנ איז שוינ געווענ גענוג אינ דער צאַרישער רוסלאַנד פאַרעכנענ יענעמ פאַר אַ פּאָליטיש פאַרדעכטיקטנ, סאָפּקאָלסאָפּ נעמט מענ בא אים אָפּ אינ 1889 יאָר זײַנ אַדוואָקאַטנ-פּאַטענט, אונ פּערעצ פאַרלירט זײַנ באַשעפטיקונג. אינ דעם זעלביקנ יאָר שליסט זיכ אײַנ פּערעצ אינ אַ סטאַטיסטישער עקספּעדיציע איבער די פּוילישע שטעט אונ שטעטלעכ. אַלס רעזולטאַט פונ דער דאָזיקער עקספּעדיציע קומענ זײַנע פּאָפּולערע „בילדער פונ אַ פּראָווינצ-רײַזע“, וואָס שילדערנ אינ אַ רעאַליסטישער פאָרם דעם שווערנ עקאָנאָמישנ צושטאַנד אונ די פּראָצעסנ פונ פאַראָרעמונג אינעם יִידישנ פּוילישנ שטעטל. אינ 1890 יאָר קומט אָנ פּערעצ אָפּ אַ שטעלע אינ דער וואַרשעווער יִידישער גמינע,



י. ל. פּערעצ פאַר דער שול.

אינ בייסהאַקוואָרעס־אָפּטיילונג, ווו ער איז געזעסנ צו אַרבעטנ גאַנצע 25 יאָר. די אַרבעט אינ דער גמינע אונטער דער שטענדיקער האַשגאָכע פונ די יידישע רעדל־פירער האָט פערעצנ געפּלאָגט זיינע גאַנצע יאָרנ. ער האָט אָבער קיינ אַנדער אויסוועג נית געהאַט, ווייל ליטעראַרישע אַרבעט האָט אימ נישט געגעבנ קיינ מאַטעריעלע מעגלעכקייט צומ לעבנ.

שרייבנ האָט פערעצ אָנגעהויבנ אינ העברעיש. אינ 1876 יאָר דרוקט פערעצ זיינע ערשטע לידער אינ העברעיש. אינ 1888 יאָר דערשיינט פערעצעס ערשטע ווערק אינ יידיש „מאָניש". די פּאָעמע טראָגט אינ א גרויסער מאָס אַנ אויטאָביאָגראַפישנ כאַראַקטער אינ שילדערט אַלעגאָריש פערעצעס אָפּגיינ פונ דער בעסמעדרעש־קולטור. אינ 1889 יאָר פאַרעפנטלעכט פערעצ זיינע ערשטע נאָוועלנ, וואָס מאַכנ א גרויסנ רושעמ אינ דער יידישער ליטעראַטור. אינ 1891 יאָר הייבט פערעצ אָנ אַרויסגעבנ (אינאיינעמ מיט דינעזאָנענ) ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע זאַמלביכער אונטערנ נאָמענ „די יידישע ביבליאָטעק". אינ 1894—1896 יאָרנ גיט פערעצ אַרויס צוזאַמענ מיט פינסקינ אונ ספעקטאָרנ די „יאָנטעוו־בלעטלעכ". די דאָזיקע בלעטלעכ זיינענ געווענ זייער פּאָפּולער צווישנ די ברייטע יידישע מאַסנ. דאָרטנ זיינענ געווענ געדרוקט דערציילונגענ, וויסנשאַפטלעכע אונ היסטאָרישע אַרטיקלענ אונ אַנד. די דערציילונגענ אונ אַרטיקלענ האָבנ באַטאָנט דאָס סאָציאַלע אומרעכט, אויסגעדריקט דעמ פּראָטעסט קעגנ אונטערדריקונג אונ עקספּלואַטאַציע. א טייל פונ די מאַטעריאַלנ פונ די „יאָנטעוו־בלעטלעכ" איז אָפט אויסגענוצט געוואָרנ פאַר אַגיטאַציע אינ די רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער־קרייזלעכ. בא פּאָליצייִשע אונטערזוכונגענ האָט מענ שטענדיק געפונענ בא די יידישע אַרבעטער עקזעמפּליאַרנ פונ פערעצעס „בלעטלעכ". די צאַרישע צענזור האָט די דאָזיקע „בלעטלעכ" פאַרמאַכט. פערעצ איז אינ יענער צייט געווענ נאָענט צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט אונ דאָס איז געווענ די סיבע, פאַרוואָס מע האָט פערעצנ אַרעסטירט אונ אַריינגעזעצט אינ „צענטנ פאַוויליאָנ" (א באַוווּסטע טורמע אינ וואַרשע). די 90ער יאָרנ זיינענ געווענ די פרוכטבאַרסטע אינ פערעצעס ליטעראַרישער טעטיקייט. אינ יענע יאָרנ האָט פערעצ אָנגעשריבנ דעמ גרעסטנ טייל פונ זיינע רעאַליסטישע נאָוועלנ אינ די אַנטיקלעריקאַלע ווערק.

אינ זיינע דערציילונגענ שילדערט פערעצ דאָס לעבנ פונ די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסנ. ער דריקט אויס זיינ מיטגעפיל אינ סימפּאַטיע צו די דאָזיקע מאַסנ. אינ די אַרבעטנדיקע זעט פערעצ די איידלסטע אינ שענסטע מענטשלעכע געפילנ. אונטער דעמ אַלטנ, צעריסענעמ בגעד, אונטער דעמ קלוימערשט גראָבנ אונ האַמעטנעמ אויסערלעכנ אויסזענ איז פאַרבאָרגנ א ברייט מענטשלעכ האַרצ, א טיפער געפיל, א געפיל פונ כאַווערשאַפט, טריהייט, ליבע אינ איבערגעגעבנקייט. די העלדנ אַליינ באַמערקנ אַפילע נית די גרויסקייט פונ זייערע מאַסנ. באָנציע שווייגנ איז זיכ מויסערנעפעש אונ ראַטעוועט א מענטשנ, נאָר ער נעמט עס אויפ ווי א געוויינלעכע זאַכ. אינ דער דערציילונג „אינ קעלער־שטוב" מאָלט פערעצ, ווי אינ שמוציקנ פינצטערנ קעלער־שטוב, ווו עס וווינענ מענטשנ שטענדיק פאַרהאָרעוועטע, פאַרמאַטערטע, בלייבט אויכ אַזאַ מיט

ליבע און טרייסט. אין דער דערציילונג „שאָלעם־באַיעס" וויל ניט כאָטש דער ברענער, אַז זיין חבר זאָל באַ אים זיין אַ פוסבענקעלע: „איך וועל מיר — זאָגט ער — אַראָפּבויגן צו דיר, איך וועל דיך אויפהייבן און וועסט דיך לעבן מיר. מיר וועלן צוזאַמען זיצן אַפּ אין שטוב, ווי אַמאָל"... מיכל קלעזמער אין דער דערציילונג „אַ קלעזמערס טויט" פאַרזאָגט די קינדער פאַרן טויט: „זייט ניט קיין שקאָצים און ערגעטע באַטענטעס... היט ערליך די מוטער". דער אַלטער קלעזמער וויל קיין מיטלייד ניט מאָגן. ער וויל נאָר הערן, ווי אַזוי וועט עס זיין איינענע קאַפּעלע שפּילן אָן אים.

פערעץ האָט מיט אַ גרויסער קינסטלערישער קראַפט געמאָלט די אומדערטרעגלעכע לאַגע פון דער דרייפאַכיק פאַרשקלאַפטער יידישער פרוי. זי האָט געדאַרפט שפּייזן דעם מאַן דעם ליידיקגייער. זי איז געווען די פאַרנאָסע־געבערין. זי האָט אַפּ זיך געהאַלטן די גאַנצע שטוב, און דאָך האָט מען זיך צו איר באַצויגן ווי צו אַ נידעריקער באַשעפעניש, וואָס האָט ניט קיינשום מענטשנ־ווירדע. איר איז געווען פאַרבאָטן צו ליבן, צו כאַסענע האָבן פאַר וועמען זי וויל. ליבע איז געווען דער גרעסטער פאַרברעכן. אין די דערציילונגען „מענדל־ברײַנעס", „אַ קאַס פון אַ יידענע", „כאַסענע געהאַט" און אַנד. שילדערט פערעץ די יידישע פרוי, אירע ליידן, אירע איבערלעבונגען, אירע צאָרעס און פּלאָגן.

מיט אַ שאַרפן בייסנדיקן סאַרקאַזם האָט פערעץ אויסגעלאַכט די פאַרגליווערטע אָפּגעלעבטע לעבנס־פאָרמעס אין זיינע סאַטירעס „אין געמויזעכץ", „אַ קעלבענער קאַלוועכוימער" און אַנד.

פערעץ איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די רעליגיעזע פאָרורטיילן. מיט צאָרן האָט ער געשטעמפּלט די צוויעס און פאַלשקייט, וואָס באַהאַלטן זיך אונטער אַ פרומער מאַסקע. אין זיין מייסעלע „די פרומע קאַץ" מאָלט פערעץ דעם רויבער, וואָס באַהאַלט זיינע שאַרפע נעגל אונטער דער „אַטלאַסענער יופּע" און שטיקט און ווערגט דעם שוואַכן מיט אַ פרומער לאַמישער מינע.

פערעץ האָט אויך געשריבן לידער און פּאָעמעס. זיינע לידער זיינען אָנגעזעטיקט מיט אַ שאַרפן סאָציאַלן פּראָטעסט, מיט פּראָטעסט קעגן סאָציאַלער אומגלייכהייט, קעגן עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. אין זיינע באַוווסטע לידער „דריי נייטערנס", „באַם פרעמדן בוזעם־קלייד" מאָלט פערעץ אַ שוידערלעך בילד פון דער לאַגע פון דער יידישער אַרבעטערס. דעם דאָזיקן סאָציאַלן פּראָטעסט דריקן אויך אויס די לידער „ברידער", „עמעס און שעקער" און אַנד.

פערעץ האָט אויך געשריבן דראַמעס, ווי „אין פּאָליש אַפן קייט", „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק", „די גאָלדענע קייט" און אַנד.

פערעץ איז אויך באַרימט מיט זיינע קינדער־לידער. זיי זיינען ליריש־צאַרט און אינטים־ווייך. אין די דאָזיקע לידער דריקט אויס פערעץ זיין הייסע ליבע צום קינד, צו זיינע שפּילן און פאַרווײַלונגען.

פערעצעס באַדייטונג פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז קאָלאָסאַל גרויס. פערעץ האָט אין זיך איינגעזאַפּט דאָס בעסטע פון דער אייראָפּעיִשער ליטע־

דראמעס און האָט עס דערפאָלגרײַכ אַרײַנגעטראָגנ אינ דער ייִדישער ליטעראַטור.
פערעצעס אומרויִק, זוכעריק גײַסט האָט שטאַרק געפּלאָגט דאָס געדריקטע לעבנ פונ זײַנ פאָלק אינ צאַרישער רוסלאַנד. ער האָט מיט זײַנ פענ געקעמפט קעגנ פאַרשקלאַפונג און אונטערדריקונג, קעגנ נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט. זײַנע ווערק האָבנ גערופנ צו פּראָטעסט, צום קאַמף, צום מאָט. פערעצ האָט געזוכט און האָט געפונענ אינ זײַנע העלדנ דאָס מענטשלעכע, דאָס ווירדיקסטע.
פערעצ איז איינער פונ די גרויסע הומאַניסטנ פונ זײַנ צײַט.
פערעצ איז געשטאָרבנ פּלוצלונג פונ א האַרצ-קלאַפּ אינ ברענ פונ דער אימפּעריאַליסטישער וועלט-מילכאָמע דעמ 3-טנ אַפּרעל 1915 יאָר.

III

# מעטאָדישע אָנווײַזונגען

## דער טאָנעס

אַרײַנפיר־שמועס. ליינען אין קלאס. אנאליז לויט פראגן. זעלבשטענדיקע שאפונגן פון די שילער (פאַרזעצן די דערציילונג). אינסצענירונג.

---

פארן ליינען דארף מען דורכפירן א קורצן אַרײַנפיר־שמועס וועגן דער שרעקלעכער לאגע פון די אָרעמע יידישע מאסן אין צארישן רוסלאנד אין די 90־ער יאָרן. נאָכן דעם ליינען פאַר דער לערער אויסדריקלעך, נישט געײַלט די דאָזיקע שטימונגפולע נאָוועלע. די נאָוועלע איז געשריבן קורץ, געפרעסט און שפּאָרעוודיק, אָבער די שילער וועלן לײַכט אויפנעמען דעם אינהאַלט און די גרונט־אידיי פון איר.

נאָכן ליינען שטעלט דער לערער איניקע פראגן, וואָס דארפן העלפן טיפער פארשטיין די דערציילונג:

1. דער אויפזוכן פון דער אָרעמער שטוב (אויסטיילן די ערטער, וואָס באַשרײַבן די שטוב).

2. וואָס האָט דער פאָטער צוגעטראכט, קעדיי אײַנצושטילן דעם קינדערישן הונגער?

3. צי דער נאָמען אנטשפּרעכט דעם אינהאַלט פון דער דערציילונג?

אַז די אַלע פראגן וועט די שילער ניט זײַן שווער צו ענטפערן. דער לערער דארף פאָדערן, אַז אַלע ענטפערן זאָלן די שילער באַשטעטיקן מיט אויסצוגן פון טעקסט.

דער לערער דארף דאָ דערקלערן וועגן פּערעצעס סימפּאַטיע צו די אָרעמע און אונטערדריקטע. פּערעצ שילדערט מיט גרויס ליבע און מיטגעפיל די אָרעמע פאַמיליע פונעם וואַסערטרעגער. דאָס אָרעמע לעבן, די ביטערע נויט האָט ניט געבראָכן די איבערגעגעבנקייט און טרײַהייט, ניט אַרויסגערופן קיין פאַרביטערטקייט פון איינעם קעגן צווייטן. קיין איין קלאָגלעד, קיין איין ווערט

וואָרט הערט איר פונ זיי ניט, פאַרקערט, זיי געפינענ נאָכ איינער פאַרנ אַנדערנ פרייזט-ווערטער, וואָס זײַנענ דורכגעדרונגענ מיט הייסע אונ צאַר, אָבער מיט אומפרײלעכנ כאַוועריש געפיל: „האָב אַ דיר אַליינ ראַכמאָנעס, לאָז דיר נישט צו אַזוי צומ האַרצנ! זע, ווי דו זעסט אויס! הײַנט צענ יאָר איז געווענ אונדזער בושע... קוק אָנ דײַנ פּאָנעמ... ווײ אונ ווינד! דו ביסט דאָכ געווענ די שענסטע אינ שטאָט!“

— אונ דו? דו האָסט דאָכ געהייסנ מענדל גיבער... הײַנט ביסטו געבויגנ אײַנגעדרייענ, קראַנק... כאָטש דו האַלטסט פאַר מיר בעסאָד“.

די דאָזיקע עטעסטע כאַוועריש באַגעגענונג האָט פערעצ געפונענ נאָר אינ דער אָרעמער האָרעפּאַשנער פאַמיליע.

מע דאַרפ מאַכנ אויפמערקזאַמ די שילער אַפ דעמ, וואָס די לעצטע פראַזע דעשיפרירט דעמ נאָמענ פונ דער דערציילונג, אַז דער טאָנעס איז אַנ אויסגע-טראַכטער אונ ניט קײנ טראַדיציאָנעלער, אַז עס איז אַ טאָנעס, ניט ווײַל מע פאַסט, נאָר ווײַל עס איז ניטאָ וואָס צו עסנ.

נאָכ דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג קענ דער לערער געבנ אײניקע דערקלערונגענ וועגנ דער פאָרמ פונ דער קורצער דערציילונג, וועגנ דער נאָוועלע, וואָס כאַפּט אַרומ ניט קײנ גרויסנ צײַט-אָפּשניט אונ אַ קלײנע צאָל אָנטײלנעמער, וועגנ פערעצנ—דעמ גרויסנ מײַסטער פונ דער נאָוועלע.

---

נאָכנ אַנאַליז קענ מענ פאָרלייגנ די שילער, זיי זאָלנ (פריער מונדלעכ, נאָכ-דעמ שריפטלעכ) פאָרזעצנ די דערציילונג.

דער סקעלעט קענ זײַנ אַזאַ: די קינדער כאַפּנ זיכ אויפ אַפּמאָרגנ פונ שלאָפ, דער הונגער מאַטערט זיי, נאָר זיי פרווונ זיכ נאָכ אַ ווײַלע שטאַרקנ, געדענקענדיק, אַז הײַנט איז אַ טאָנעס. לאַנג קאָנענ זיי אָבער ניט אויסהאַלטנ דעמ הונגער אונ צעוויינענ זיכ. די מוטער קומט אַרײַנ מיט ברויט. די קינדער כאַפּנ זיכ צומ עסנ. מיטאַמאָל דערמאָנענ זיי זיכ, אַז הײַנט איז אַ טאָנעס. די מוטער באַרויִקט זיי אונ דערקלערט, אַז מע האָט דעמ טאָנעס אָפּגעשאַפנ.

מע דאַרפ רעקאָמענדירנ די שילער שרײַבנ ווי מעגלעכ געפּרעסטער, אינ פערעצעס סטיל. זאָלנ די שילער נאָכנ אָנשרײַבנ אַפּ שוואַרצ זייער פאָרזעצונג נאָכאַמאָל איבערלייענענ די דערציילונג אונ אַרײַנבראַנגנ די נייטיקע ענדערונגענ אינ זייער אַרבעט. מע קענ פאָרלייגנ די שילער אָנשרײַבנ די פאָרזעצונג אינ פאָרמ פונ אַ געשפּרעכ צווישנ דער מוטער אונ די קינדער, ענלעכ צומ גע-שפּרעכ אינ דער דערציילונג.

די דאָזיקע דערציילונג איז אויכ ניט שווער צו אינסצענירנ. די באַשרײַבע-רישע מאָמענטנ זײַנענ דאָ ווייניק פאָרגעשטעלט, די הויפּט-ראָל שפּילט דאָ דער דיאַלאָג. מע דאַרפ באַהאַנדלענ אינ קלאַס וויאַזוי אינסצענירנ, וועלכע ווערטער דאַרפ מענ אַרויסלאָזנ אונ וועלכע מוזנ בלײַבנ? מיט וואָס פאַרבײַטנ די באַשרײַבונג פונ שטוב, פונ די העלדנ? אָנמערקנ די אָנטיילנעמער אונ אײַ-[illegible] אינקורצנ זייער עלטער, זייער באַשעפטיקונג, כאַראַקטעריסטישנ שטריכ

פונ זייער אויסזענ. צ.ב. „מענדל: א הויכער, דארער, אײנגעבויגענער יונגער-מאנ פונ א יאָר דרײַסיק, א האסער-פרעגער“.

די אינסצעניררונג קאָנ מענ צוגרייטנ צומ אלגעמײנעמ פערעצ-אָװנט אינ שול.

## „די דרײַ נײטערנס“. „באמ פרעמדנ כופע-קלײד“

אויסדריקלעכ לײענענ. קאָמענטאריעס פונ לערער. סטיליסטישער אנאליז. אויסלערנענ אפ אויסנײַניק.

---

דער לערער דארפ זיכ גוט צוגרייטנ צומ לײענענ „די דרײַ נײטערנס“. דאָס לײענענ אליינ, אפילע אָנ דעמ אנאליז, גיט זייער אסאכ.

אינ „די דרײַ נײטערנס“ האָבנ מיר א פילארטיקײט פונ טענער, װעלכע גיבנ איבער די פארשײדנארטיקע, עמאָציאָנעלע טײלנ פונעמ דאָזיקנ ליד. יעדנ טײל דארפ דער לערער לײענענ מיט א באזונדער אינטאָנירונג. עטעמ, דער גרונט-טאָנ איז אינ גאנצנ װערק אײנער אונ דער זעלביקער, אָבער פונ אײנ טײל צומ צװײטנ איז דאָ א געװיסע גראדאציע פונ טאָנ. װאָס װײטער װערנ די עמאָציעס שטארקער, די איבערלעבונגענ טיפער. דאָס אלצ דארפ דער לערער נעמענ אינ אכט באמ גרייטנ דאָס װערק צומ לײענענ אינ קלאס.

נאָכנ לײענענ דערקלערט דער לערער דעמ סאָציאַלנ טאָנ פונעמ ליד. פערעצ שילדערט דאָס אָרעמע לעבנ פונ דער יידישער ארבעטער-פרוי, די נויט אונ פארצװײפלונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ. פערעצ האָט אינ דעמ קלײנעמ ליד אָנגעװאָרפנ אזױ פיל פראָטעסט-שטאָפ, אזױ פיל אופרײטנדיקנ מאטעריאַל, אזױנע קאָנדענסירטע בילדער פונ הונגער אונ דאכקעס, אז זײ רופנ ארױס א װירעדיקנ האס צו דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, צו דער אָרדענונג פונ עקספּלואטאציע אונ פארשקלאפונג.

נאָכ די נײטיקע דערקלערונגענ טרעט דער לערער צו-צו א דעטאלערנ אנאליז פונ ליד.

1. מיר טײלנ אײנ די װיכטיקסטע סטראָפעס אונ שורעס, װעלכע מאכנ קלאָר די געפילנ אינ געדאנקענ פונ אויטאָר.

2. דער לערער װײזט אָנ אפ דער טאָנ-פארשײדנקײט, אפ דער טאָנ-באַ-פארבונג פונ דער אָדער יענער סטראָפע: א רויקער, א פײערלעכער, א שרעקעדיקער, א באלערנדיקער, א סארקאסטישער, א סאטירישער טאָנ—די אלע שטימונגארטיקע אינ עמאָציאָנעלע טענער דארפ מענ די שילער דערקלערנ.

דער טאָנ פונ דער ערשטער סטראָפע פונ „די דרײַ נײטערנס“ איז אנ אימפּעטיק-דערצײלערישער. ער גיט איבער דעמ אויסערלעכנ צושטאנד פונ אלע דרײַ מײדלעכ אונ פארענדיקט עלעגיש-רויק: „עס זיצנ דרײַ מײדלעכ אונ נײענ“. אינ די װײטערדיקע סטראָפעס גיט פערעצ איבער די געדאנקענ פונ יעדנ מײדל באזונדער. יעדנ װידמעט ער צװײ סטראָפעס. אָבער פונ אײנ

צווייסטראָפיק בילד ביז דעמ צווייטנ וואַקסט די אויפרעגונג, ווערט שטאַרקער דער עלנט, ווערט בוילעטער די האָפענונגסלאָזיקייט. דער דיכטער גיט ניט קיינ שלומ. די אויפרעגונג איז אַזוי שטאַרק, אַז יעדער טרייסט-וואָרט וואָלט בלויז אָפּגעשוואַכט די שטימונג. דאָס בילד אַליינ רעדט שוינ גענוג, אונ יע-דער איבעריקער וואָרט וואָלט נעמאַכט בלאַסער דעמ פראָטעסט אינ צאָרנ, וואָס עס רופט בא אונדז אַרויס אַזאַ לעבנ.

נאָכנ אַלזײַטיקנ אַנאַליז דאַרפ מענ פאַרגעבנ דאָס ליד אויסלערנענ אָפּ אויסווייניק.

---

די זעלביקע טעמע פונ עקספּלואַטאַציע אונ אונטערדריקונג שילדערט אויכ פערעצ אינ זײַנ ווערק „באַמ פרעמדנ כופּע-קלייד". דאָ ווערט אויכ אַרויסגע-פירט דער אונטערשייד צווישנ אָרעמ אונ רײַכ, צווישנ גליקלעכע אונ אומ-גליקלעכע, צווישנ די, וואָס לעבנ אינ לוקסוס, וואָס ווייסנ ניט פונ האָרעוואַ-ניע אונ נויט, אונ צווישנ די, וואָס ווייסנ ניט פונ גליק, וואָס ווייסנ נאָר פונ שווערער אַרבעט, וואָס ווייסנ ניט פונ יונגט-בלײַענדיקנ לעבנ.

צומ אַנאַליז פונעמ ווערק קאָנ דער לערער שטעלנ אייניקע פראַגנ:

1. די אידייע פונ „באַמ פרעמדנ כופּע-קלייד".
2. דער גרונט-אינהאַלט פונ ווערק.
3. די געשטאַלט פונ דער מאַדאַמ.
4. די נאָענטקייט צו דער פאָלק-שאַפונג.
5. פאַרוואָס הייסט דאָס ווערק „דראַמאַטישע פאָעמע".

1. פערעצ מאָלט דאָ אַ ברייט בילד פונ דער וועלט פונ עקספּלואַטאַציע, פונ נויט אונ אָרעמקייט. ער פרווט דאָ אויכ נעבנ די סיבעס—פונ דער אָר-דענונג, ווו איינ מענטש הערשט איבערנ צווייטנ, ווו איינ מענטש דריקט דעמ צווייטנ. אינ די מאָנאָלאָגנ, אינ די כאָר-געזאַנגענ, באַזונדערס אינ דער טײַטוּנ מיט די צוויי ברידער, גיט פערעצ איבער אינ פאָלקס-טאָנ די אַנט-שטייונג פונ דער וועלט פונ אומגלײַכהייט אונ אונטערדריקונג. ער קעמפט פאַר יושער אונ גערעכטיקייט, קעגנ דעמ עקספּלואַטאַטאָר, קעגנ דעמ רויבער, וואָס זויגט אויס די בלוט פונ אָרעמע אונ פאַרשקלאַפטע. דערפאַר מאַכנ זײַנענ די „דרײַ נייטערנס" אונ „באַמ פרעמדנ כופּע-קלייד" געווענ אַזוי פאָפולער צווישנ די ייִדישע אַרבעטער אונ האָרעפאַשנע מאַסנ.

2. דעמ גרונט-אינהאַלט פונ ווערק בילדנ, אייגנטלעכ, צוויי געשיכטעס. איינע דערציילט די האַנט-טיידלעכ מיט די מאָדיסטקעס—אַ טרויעריקע גע-שיכטע וועגנ הונגעריקנ, אויסמאַטערנדיקנ אונ אויסצערנדיקנ לעבנ, וואָס פירט צומ פריצײַטיקנ טויט אונ עלנער:

שטעט, נאָדל, שטעט די באַרבאַנדעטע שפיצ —
פאַר איר, פאַר איר!
טאַבריכימלעכ וועסטו גיכ אונ באַלד שטעפנ —
פאַר מיר, פאַר מיר.

די צווייטע געשיכטע—די, וואָס עס דערציילט די ערשטע מאָריסטקע, איז א פאנטאסטישע, אנ אלעגאָרישע, אונ אזוי ווי אינ אנדערע פערעצעס ווערק דינט דאָ אויכ דאָס פאנטאסטישע אלס מיטל צו מאכנ בוילעטער די רעא-ליסטישע שילדערונג.

3. דער לערער קלערט אויכ אופ די געשטאלט פונ דער מאדאם. זי טיילט זיכ קלוימערשט ניט אָפּ פונ אירע ארבעטערנס, זיצט מיט זיי בא אײנ טיש, האלט זיכ פאר א גלייכנ צו זיי, אָבער דאָס פארקלענערט ניט די עקספּלואַ-טאציע. זי פרעסט אויס דעמ לעצטנ זאפט מיט דער דאָזיקער „שוויצ“-סיס-טעמ. אינ ביטער-איראָנישע קלינגענ אירע טרייסט-ווערטער:

האָט איר ניט קיינ אייגנס,
זינגט פונ פרעמדנ גליק.

4. „בא דעמ פרעמדנ כופּע-קלייד“ איז א דערציילערישע באשרייבונג אינ לידער, ד.ה. א פּאָעמע. ס'איז אָבער ניט קיינ געוויינלעכע פּאָעמע, ווו דער אוטאָר טרעט ארויס דירעקט ווי א דערציילער. דאָ דערציילנ אלצ די פער-סאָנאזשנ, אזוי ווי אינ א דראמע. „באמ פרעמדנ כופּע-קלייד“ איז א דראַ-מאטישע פּאָעמע.

5. דער לערער קענ אויכ מאכנ אויפמערקזאמ די שילער אפּ דעמ, וואָס פערעצ האָט זיכ דאָ גענאָמענ נאָענט צו דער פאָלקס-שאפונג, די מיידלעכע לידער זיינענ געוואָרנ אינעמ נוסעכ פונ פאָלקס-ליד. (אנ איבער-פלעכט פונ גוטמוטיקנ טאָג אונ ביטערער איראָניע). שוינ די ערשטע ארויס-טרעטונג פונ כאָר פונ די האנט-מיידלעכ איז א פּרעכטיקע פאָלקס-ליד:

אָט האָט איר א וואונדער,
ב'לעבנ קיינ שפּאס!
צי הייסט דענ ניט „פאַיע“ —
יאָ פאַיע—די גאס.

פערעצ האָט דאָ אויכ גענוצט א גאנצע ריי באפוצונגענ פונ דער פאָלקס-ליד. דאָס זיינענ די פילצאָליקע דעמינוטיוונ (פארקלענער-ווערטער): שטיבע-לע, מיידעלע, ביינדעלע, מאמעלע, מאנעלע א.אנד.

א פּרעכטיק סטיליזירט פאָלקס-ליד איז אויכ דאָס כאָר-ליד:

עס איז געווענ א מיידעלע,
א מיידעלע א פּראכט, —
עסנ עסט דאָס יעדנ טאָג,
שלאָפט זיכ יעדע נאכט!
ליפּלעכ האָט זי רויטינקע,
רויטינקע, וואָס נישט?
נאָר נישט קיינ צעביסענע,
נאָר נישט אויסגעקישט!
אונ זי האלט דאָס קעפּעלע
בענקענדיק אונ שטאָלצ! —
זאָרגט עס אפּ א ברייטעלע,
קוילנ אָדער האָלצ?...

ערטער:

פו נאָר, וואָס דער מאַמעס היל,
אונ וואָס די מאַמעס היימט,
אונ וואָס גוטע, פרומע לייט
עס האָבנ דיר, מײַנ קינד!..

אינ זעלביקנ פאָלקס-טאָנ איז אויכ איבערגעגעבנ די מײַסע פונ די צוויי ברידער. שוינ דער אָנהייב איז דער טראַפאַרעטער מײַסע-אָנהייב:

אַמ יעדער זײַנ וואָס איז געשטאַנענ אַמאָל
אַמ הינטערשטע פיסלעכ א הויז אינ טאָל...

די שלאַנג—די פאַרפירערינ פאַרנעמט דאָ דאָס הויפט-אָרט. דער שטרײַט צווישנ די ברידער דערמאָנט זייער פיל די פאָלקס-מײַסעלע „דער רײַכער אינ דער אָרעמער" א. אנד.

דער אויספיר: אינ זײַנע לידער פונ ארבעט האָט פערעצ פאַרשאַרפט די סאָציאַלע פּראָבלעמענ, ארויסגערוקט זיי אינ פאָדערגרונט. אינ דעמ דאָזיקנ פעריאָד האָבנ די פּראָבלעמענ פאַרנומענ בא פערעצנ דאָס הויפט-אָרט אינ זײַנ שאַפונג.

## „כאַסענע געהאַט"

דער סאָציאַלער טאָנ פונ דער ~~דער~~ דערציילונג. פאַרבינדנ דעמ „איכ"-דערציילער מיט א דערציילער אינ דריטנ פערזאָנ. פאַרגלײַכנ מיט אנדערע ווערק אפ דער זעלביקער טעמע.

דער אוטאָר גיט צו צו דער דערציילונג אנ אונטער-קעפּל „דערציילט פונ א פרוי". דאָס דאַרפ, ערשטנס, פאַרשטאַרקנ די איליוזיע פונ ווירקלעכע געשעענישנ, אונ, צווייטנס, דאַרפ דאָ עפּעס זײַנ ספּעציפיש פאַר א פרוי—א דערציילערנ. אונ ריכטיק, אפ דער גאַנצער דערציילונג ליגט אויסגעגאָסנ א געוויסע צאַרטקײַט, עפּעס א ווייבעריש בענקעניש, א טיפער טרויער... צי זי דערציילט וועגנ איר קינדהײַט אונ יוגנט, צי זי דערציילט וועגנ טאַטע-מאַמע אָדער וועגנ איר ליבע צומ רויפע-יונג—אומעטום דערציילט זי עס מיט אנ אויסשליסלעכער אופריכטיקײַט אונ האַרציקער וואַרעמקײַט. אונ נימווילנדיק ווערט צוגעצווינגנ די סימפּאַטיע פונ לעזער צו דער דאָזיקער פרוי, וועלכע מוז פאַרקויפנ איר יוגנט, איר לעבנ פאַרנ וווילשטאַנד פונ טאַטע-מאַמע, פאַר דער אָרעמער פאַמיליע.

ווי פיל וואַרעמקײַט, שיינקײַט אונ עמעס מענטשלעכער געפיל איז דאָ אינ דער זויבערער ליבע צווישנ לייענ אונ דעמ רויפע-יונג! ווי טיפ אונ נאַיִוו אײַנצאַמטיק זײַנענ די ליבע-איבערלעבונגענ בא די ביידע יונגנטלעכע, באַזונדער בא דער נאָכ אינגאַנצנ נאַיִווער מיידל. אפ דעמ דאָזיקנ טאָג איז נאָכ שאַר-

פער דער קאנטראסט צווישנ דער ריינער עמעסער ליבע און דעמ געלט-שיי-
דעכ מיטנ 70-יאריקנ זאנוויל. אפ דעמ דאזיקנ פאנ זיינענ נאכ בולטער אירע איבערלעבונגענ. מיט וואס פארא שרעקלעכער און גרויזאמער רויקייט זי דערציילט וועגנ זיכ, וועגנ דעמ אינערלעכנ קאמפ, וועגנ דער בענקשאפט אי-דער נאכ דעמ רויפע-יונג; און וויפל ווייטיק און ביטערקייט ליגט אין אירע שלוס-ווערטער: „איכ בינ א געזונטע, איכ לעב שוינ 5 יאר מיט רעב זאנ-וילנ... ווי אזוי, וועל איכ עפעס אנ אנדערשמאל דערציילנ"... מיט דעמ דא-זיקנ זאצ רייסט זי איבער די דערציילונג. מיט דעמ באטאנט זי נאכ מער דעמ פאקט, אז ניט קוקנדיק אפ דעמ, וואס זי לעבט מיט רעב זאנווילנ שוינ 5 יאר, האט זי ניט פארגעסנ דעמ רויפע-יונג, און דאס לעבנ אירס איז ליידיק פונ גליק. עס איז איר שווער וועגנ דעמ צו ריידנ—רייסט זי איבער איר דערציילונג.

דער לערער קאנ דא שטעלנ איינציקע פראגנ, וועלכע זאלנ קלאר מאכנ דעמ סאציאלנ טאנ פונ דער דערציילונג.

1. ווי מאלט פערעצ די פרוי אינ דער דערציילונג?

2. די אינערלעכע איבערלעבונגענ פונ דער פרוי. צי זיינענ די דאזיקע איבערלעבונגענ דורכגייענדיקע אדער לאנגדויערנדיקע?

3. וויאזוי גיט פערעצ די אנטוויקלונג פונ די געשעענישנ?

---

1. פערעצ באציט זיכ מיט דער גרעסטער סימפאטיע צו דער ארעמער יידישער פרוי. ער זעט אינ איר א מער פארשקלאפטנ, אבער מיט ווירדיקנ מענטשנ. ער מאלט מיט אזעלכע פארבנ, וועלכע מוזנ ציצוינ די סימפאטיע פונעמ לעזער צו זיינ העלד. זי, די העלדנ, רעדט וועגנ זיכ קימאט נארניט. זי דערציילט וועגנ רויפע-יונג, וועגנ זיינ גוטסקייט און ווייכקייט, זי רעדט וועגנ דער מאמענ, וואס הארעוועט אנ א שיור און איז שטענדיק אויס ראכ-עמ און ניט אויסגערעכנט, אדער וועגנ דעמ קראנקנ טאטער, וואס ליגט שוינ א יאר צומ בעט, און אינ דעמ אויסדרוק פונ דער דאנקער באציונג ווערט קלאר די גרויסמוטיקייט פונ העלד, איר קענענ זיכ אפזאגנ פונ פערזענלעכנ גליק צוליב דעמ וווילשטאנד פונ די עלטערנ. די דערציילונג רופט ארויס א סינע צו דער געזעלשאפט און ארדענונג, ווו עס זיינענ מענלעכ אזוינע פאקטנ, ווו דער שטארקער הערשט איבערנ שוואכנ און דריקט און דערנידע-ריקט זיינ מענטשלעכע ווירדע.

2. די אינערלעכע איבערלעבונגענ פונ דער מיידל גייענ—דורכ דורכ דער גאנצער דערציילונג. זיי שטעלנ מיט זיכ פאר דעמ גרונט-אינהאלט. די גאנצע ביאגראפיע פונ העלד—דאס איז א קייט פונ אינערלעכע איבערלעבונגענ, וועלכע וואקסנ אנ אלצ מער און מער און ווערנ פארוואנדלט אינ אזא נע-דיכנ טראגיזמ, פונ וועלכנ עס איז נישטא קיינשומ אויסוועג.

3. פערעצ גרייט צו קינסטלעריש-טרעפלעכ די געשעענישנ. קיינ איינ צו-פעליקייט, אלצ פארנעמט זיינ באשטימטנ ארט. לעמאשל, דער באנאכטיקער געשפרעכ וועגנ רעב זאנווילנ און זיינ קראנקער ווייב און גלייכ נאכדעמ דער

שלאָגט אינ לאַנג און דער אַנזאָג, אַז „ריווקע זאַנווילס איז גיפטער געוואָרנ" טרייבנ צו זאַנווילס באָסטנע מיט דער יונגער מיידל. דער רויטע-יונג פאָרט אַוועק צום פריזיוו און מער טרעפט זי זיכ מיט אים ניט. אָבער ער שפילט נאָכ א באַרימטנדיקע ראָל אינ די געשעעניש, ניט דירעקט, נאָר דורכנ רויי- פנ: דאָס ערשטע מאָל, ווענ דער רויטע דערציילט, אַז דער יונג איז קראַנק, און דאָס צווייטע מאָל, ווענ ער ברענגט די ידיעה, אַז דער יונג איז גע- שטאָרבנ. מיט דעמ פאַרענדיקט זיכ די אינטריגע. ווײַטער אינטערעסירט שוינ ניט די געשעעניש ניט דעמ אַוטאָר און ניט דעמ לעזער.

דאָ וואָלט זײַנ אינטערעסאַנט ענדערנ דעמ-דערציילער, ווי אַזוי וואָלט זיכ באַקומענ די דערציילונג אינ נאָמענ פונ אַוטאָר, וועלכע מאָמענטנ וואָלטנ אַרויסגעפאַלנ, וועלכע צוגאָב-מיטלענ וואָלט דער אַוטאָר געדאַרפט באַניצנ, קעדיי איבערצוגעבנ אונדז אינ דעמ, אינ וואָס עס איבערצײַגט אונדז די פרוי, ווענ זי דערציילט וועגנ זיכ זעלבסט.

מע קאָנ אויכ פרובנ מאַכנ פאַר א דערציילער דעמ רויטע-יונג. ווי וואָלט זיכ דאַנ ענדיקנ די דערציילונג, אינ וועלכער זײַט וואָלט אַריבערגעטראָגנ ווערנ דער שווער-פונקט פונ דער דערציילונג.

די דאָזיקע איבונגענ וועלנ פאַרטיפערנ דעמ אַנאַליז פונ ווערק, וועלנ אויפדעקנ די קינסטלערישע מיטלענ פונ שרײַבער. עס וועט אויכ קלערער ווערנ די אידיי פונ ווערק.

## א קלעזמער-טויט

אַנאַליז פונ טעקסט. אינסצעניִרונג.

---

דעמ אַנאַליז פונ דער דאָזיקער גלענצנדיקסטער נאָוועלע הייבנ מיר אָנ פונ פאַרגלײַכנ זי מיט אַנדערע פערעצעס רעאַליסטישע נאָוועלנ. אינ זיי אַלע איז קענטיק די סימפּאַטיע פונעמ אַוטאָר צום האָרעפּאַשניק, צו די לײַדנ- דיקע און אונטערדריקטע, וואָס וווינענ אינ די קעלער-שטיבער, ווו אונטער דעמ אָרעמענ מאַלבעש, אונטערנ גראָבנ, אָפטמאָל מענטשענדיקנ אויסערלעכנ אויסזעענ איז פאַרבאָרגנ א מיט פילנדיק האַרצ, א האַרצ, וואָס קאָנ גרענעצ- לאָז ליבנ, א האַרצ פול מיט טיפער איבערגעגעבנקײַט אונ מרחמנות. נאָר דאָס אָרעמע ביטערע לעבנ לאָזט זעלטנ אָנ אָרט פאַר די דאָזיקע מענטשלעכע געפילנ. אויכ אינ דער נאָוועלע האָט פערעצ געוואָלט אַרויסברענגענ דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, וואָס איז מיט באַהאַלטנ באַמ מענטשנ.

פערעצ הייבט אָנ די נאָוועלע פונ מיט פונ די געשעעניש (ex erupto). מיכל קלעזמער ליגט אויפנ טויטנ בעט. אַלע אַרומיקע—די קינדער, דער דאָקטער, דער רויטע האָבנ שוינ א מאָל געטאָנ מיט דער האַנט, נאָר „אַיינ מיכל וויל זיכ ניט אונטערגעבנ!"... דאָ הייבט זיכ אָנ די פאַרבינדונג. דער געשפּרעכ צווישנ מאַנ און ווײַב ניט א זעלטענע כאַראַקטעריסטיק פונעמ קלעזמער. באַזונדערס דאַנ, ווענ ער באַציט זיכ צו דער ווײַב מיט דער

האַרציקסטער ווייכקײט, און זי, פֿאַרקערט, פֿאַרטעסט נאָר זײַנ לאַנגע און הייבט אָנ שילטנ. דער דאָזיקער דיאַלאָג איז איינער פֿונ די געלונגנסטע. דערנאָכ גייט די ווענדונג צו די זונ, די צאַצקע זײַנע—ער וויל שטאַרבנ פֿרייליכ אונטערנ לעצטנ אַקאָמפּאַנעמענט פֿונ זײַנ אייגענער קאַפּעליע. דער אַלטער קלעזמער וויל קײנ מיניע ניט, וויל קײנ ווידע ניט זאָגנ. דער פֿרייליכער קאַפּצנ האָט פֿרייליכ געלעבט און וויל פֿרייליכ שטאַרבנ. אינ דעם דאָזיקנ פֿאַרלאַנג „פֿרייליכ שטאַרבנ" ליגט א שטיק פֿונ זײַנ געשטאַלט, א שטיק פֿונ זײַנ „איכ". דאָס לעצטע בילד, די צאַצקע, איז די בעסטע כאַראַקטעריסטיק פֿונ קלעזמער. „—הערט, קינדער... שפּילט אָנ מיר ווי מיט מיר, שפּילט גוט... זײַט ניט קײנ שקאָציכ אָנ אָרעמע כאַסענעס, האַלט ערלעכ די מיטער..."

פּערעצעס פּיגאַלנ זײַנענ בכלל זייער טרעפֿלעכע, זיי דערלאַנגענ די קווינטעסענציע פֿונ גאַנצנ נעמעל.

ניט שלעכט איז די דערציילונג אינסצענירט. דער לערער מערקט אָנ צוזאַמענ מיט די שילער, וועלכע ערטער פֿונ דער דערציילונג קאָנ מענ אַרויסלאָזנ, וועלכע ערטער דאַרף מענ פֿאַרבײַטנ מיט רעמאַרקעס, וויאַזוי פֿאַרבינדט מענ די געשעענישנ. דאָס וועט קלאָר מאַכנ די קאָמפּאָזיציע פֿונ דער דערציילונג און וועט געבנ אייניקע ידיעות פֿונעם אויסערלעכ-טעכנישנ געבוי פֿונ א דראַמע.

## „דער מעשולעכ"

די גרונט-אידיי פֿונ דער דערציילונג. פֿעסטשטעלנ די פֿאָרגעשיכטע פֿונ העלד. קאָמפּאָזיציע. לויטנ סקעלעט פֿונ דער דערציילונג צונויפֿשטעלנ אַנ אַנאַלאָגישע דערציילונג.

---

די דערציילונג ווערט געלייענט אינ קלאַס. נאָכנ לייענענ ווערנ געשטעלט אייניקע פֿראַגעס, וואָס דאַרפֿנ אויפֿקלערנ דעמ אינהאַלט אינ גרונט-אידיי פֿונ דער דערציילונג:

1. פֿאַרוואָס איז אויסגעקומענ דעמ מעשולעכ גײנ אַמ דער עלטער אינ שליכעס?
2. וויאַזוי האָבנ זיכ צו אימ באַצויגנ זײַנע באַלעבאַטימ, און וויאַזוי האָט זיכ דער מעשולעכ באַצויגנ צו זיי?
3. וואָס דערציילט דער מעשולעכ וועגנ זײַנ לעבנ?
4. וועלכע „פֿאַרלאַנגענ" זײַנענ געווענ בא דעמ מעשולעכ?

אויפֿ די אַלע פֿראַגנ וועלנ די שילער לויטנ ענטפֿערנ, באַשטעטיקנדיק זייערע ענטפֿערס מיט אויסצוגנ פֿונ דער דערציילונג.

די נאָוועלע באַרירט א געוויסע סאָציאַלע טעמע: דאָס לעבנ פֿונ א נידעריקנ אָנגעשטעלטנ. אָבער אינ דער דערציילונג ווערנ די סאָציאַלע מאָמענט

אָפּגעשפּיגלט אין די פּסיכאָלאָגישע קאָמפּאָנענטן פון אומאָר, און דאָס דאַרף באַוווּנדערט באַטאָנט ווערן אין פּראָצעס פון אַנאַליז, ווען מיר באַטראַכטן דעם גאַנג און דעם סדר פון די געשעענישן אין דער דערציילונג.

די נאָוועלע איז אין גרונט אַ פּסיכאָלאָגישע. אַלץ איז קאָנצענטרירט צו באַווײַזן דעם פּסיכאָלאָגישן אונטערשלאַק פון דער שילדערונג. דער אַנאַליז פון העלדס פּסיכאָלאָגיע אַנטפּלעקט אונדז, וויאַזוי פּערעץ גייט צו צו אויספילן זײַן אויפגאַבע.

אָט איז דער סקעלעט פון דער נאָוועלע:

אַן אַלטער מעשולעך ווערט פאַרפאָרן אונטערוועגנס בײַ אַ טעליכעס. ווינטער. פאַרנאַכט. עס פאַלט אַ גרויסער שניי. דער מעשולעך פילט זיך שוואַך און צעבראָכן. ער רעדט זיך אײַן, אַז אים דוכט זיך עס. ער פּרוּווט טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן: וואָס וועט ער מאָרגן מיטן פאַרדינטן געלט. אים פאַרווילט זיך עסן. ער דערמאָנט זיך אָן זײַן באַלעבאָסטע, און לויט אַ געוויסער אַסאָציאַציע שטייט אויף פאַר זײַנע אויגן די פאַרשטאָרבענע ווײַב שפּרינצע. ער פאַרגעסט זיך אַ ווײַלע. דער פראָסט אָבער הייבט אים אָן צו באַזיגן. ער שטרײַט נאָך, אָבער ער מוז זיך אונטערגעבן. די געדאַנקען שוועבן אַלץ שנעלער און צעשטרײַטער ביז דעם לעצטן אָטעם—ביז ער ווערט פאַרפרוירן.

אין גאַנג פון די געשעענישן ווערט דער הויפּט-העלד אַלץ קלערער און פאַרשטענדלעכער. פאַר אונדז אַנטפּלעקט זיך זײַן גאַנצע לעבנס-געשיכטע ניט אין אַ באַזונדער באַשרײַבונג, נאָר אין גאַנג פון דער דערציילונג, פאַרבײַ, דערעכאַנעוודיק. פּערעץ גיט ניט די ביאָגראַפיע פון העלד, נאָר שטריכלעך, אָפּגעריסענע געדאַנקען, אָפּגעריסענע עפּיזאָדן, וועלכע כאַראַקטעריזירן בולעטער דעם העלד דאַנק אַזאַ זייער ניט-סיסטעמאַטישן. דאָס ווערט דערגרייכט דורך דער קאָמפּאָזיציע פון דער דערציילונג.

דער הויפּט-אינהאַלט פון דער דערציילונג איז אַ פּסיכאָלאָגישע דערשײַנונג. זי שטייט אַפן ערשטן פּלאַן. די הויפּט-געשעעניש אין דער גאַנצער נאָוועלע איז, דוכט זיך, דער טויט פון העלד, אָבער דער דאָזיקער פאַקט אַפילו דינט נאָר אַלס מיטל קלאָר צו מאַכן די פּסיכאָלאָגיע פונעם מענטשן. איבער-די געשעענישן הערשט די פּסיכאָלאָגישע כאַראַקטעריסטיק פון העלד. ווען דעם מעשולעכס טויט ניט איבער דער אומאָר אין איינציקע אײַנפאַכע ווערטער:—„און עס איז געווען גענוג... ער איז געבליבן פאַרשטאַרט מיט דער האַנט אַף דער בוזעם-קעשענע“. פּערעץ קאָנצענטרירט זײַן אויפמערקזאַמקייט אַפן פּסיכישן צושטאַנד פון העלד און אַף דער אַנטוויקלונג פון דער פּסיכאָלאָגישער טעמע: די וועג-איבערלעבונגען פון העלד פאַרן פאַרפרוירן ווערן. פּערעץ שטרעבט איבערצוגעבן דעם אינערלעכן צושטאַנד פונעם מעשולעך און זײַן אײַנגאַרטיק טראַכטן. דערבײַ דאַרף דער אײַנדרוק זײַן אַזאַ, אַז דאָס רעדט זיך ניט אַרויס, נאָר עס איז אַן אינערלעכער געדאַנקען-פּראָצעס, וועלכער איז ענג געבונדן מיטן העלד.

די נאָוועלע הייבט זיך אָן פון דעם, וואָס דער מעשולעך—אַן אַלטער

ייִד מיט א ווײַסער באָרד—איז שוין אין וועג: „ער גייט, און דער ווינט צעיאָגט די פּאָלעס־און די ווײַסע באָרד“.

דער מעשולעט וויל זיך אײַנרײדנ, אז ער האָט ניט מוירע פאַרנ פראָסט אונ שניי. ער וויל אפילע פאַר זיך אַליינ ניט מוידע זײַנ, אז ער איז אַלט אונ טויג שוינ ניט צו שעליכעס: „אַלעמאָל כאַפּט ער זיך אָנ מיט דער רעכטער האַנט אינ דער לינקער זײַט. ער וויל זיך דאָקע אײַנרײדנ, אז ער כאַפּט נאָר בא דעמ בוזעמ־טאַש“.

דאָ הייבט זיך אָנ די פאַרבינדונג. פונ ערשטנ באַשרײַבזאַצ ביזנ צווייטנ קומט פאָר א כאַראַקטעריסטישע סצענקע. דער מעשולעט וויל זיך אײַנרײדנ, אז אימ שטעכט ניט אינ זײַט, נאָר אייב אפילע עס שטעכט (ער קאָנ דאָס ניט אָפּלייקענענ), איז אויך נאָרישט. עס איז גאָר גוט, וואָס ער קאָנ בא אזא עלטער גיינ אינ שעליכעס, אונ דאָך: „ווענ איך האָב מײַנ אייגנס, וואָס מע טרויט מיר, וואָלט איך אינ שעליכעס צו זיבעציק יאָר ניט געגאַנגענ“. אינ די פאָר שורעס זעט מענ דעמ פאַרלאַנג פונ מעשולעט זיך אַליינ אָפּצונאַרנ. אָבער ער איז פאַרט אומרויִק. ער כאַפּט זיך פאַר דער זײַט, פאַר דעמ בוזעמ־טאַש. צוויי געדאַנקענ באַהערשנ אימ: ער זאָל ניט פאַרפאָרנ ווערנ, אונ דאָס געלט זאָל זײַנ גאַנצ. אינ דער דאָזיקער אומרויִקײט פילט זיך שוינ דער אָנהייב פונ סאָפ: די קאַטאַסטראָפע איז אומפאַרמײַדלעך.

אונ ווײַטער גייט א באַשרײַבזאַצ:

„עס הייבט אָנ צו פאַלנ גראָבע פלאַכעס שניי; ער ווייסט אַלעמאָל דאָס פאָנעמ“. די דאָזיקע באַשרײַבזאַצנ גרייטנ צו דעמ באָדנ פאַר די ווײַטערדיקע געשעענישנ. מיט דעמ באַשרײַבזאַצ רײַסט דער אַוטאָר איבער באַוווּסטזיניק דעמ געדאַנקענגאַנג פונ זײַנ העלד, ער פאַרבינדט דעמ מעשולעט מיט דעמ שניי אונ פראָסט. דערבײַ נימט ער ניט די געוויינטע באַשרײַבונג פונ דער נאַטור, נאָר עטלעכע שטריכנ צו באַטאָנענ די געהעריקע שטימונג. די נאַטור איז נאָר א בײַזאַכ.

—„גרויס האָט, אַפּאָנעמ, בא אימ געהייסנ א שטורעמ־ווינט“...

דאָ גייט שוינ דעמ אַוטאָרס דערקלערונג. די דערקלערונג העלפט אונטערצושטרײַכנ דעמ מאָמענט, ווענ דער מעשולעט וויל זיך אײַנרײדנ אונ זיך אָפּנאַרנ. ער מונטערט זיך אַליינ מיט די דערינערונגענ פונ זײַנ קאַנטאָניסטנ־צײַט.

„ער גייט... עס פאַלט צו די נאַכט“... דער דאָזיקער באַשרײַבזאַצ גרייט צו די ווײַטערדיקע געשעענישנ: פאַרפאָרנ ווערט מענ מערסטנטייל באַנאַכט.

ער דערפילט, אז ער איז הונגעריק. ער דערמאָנט זיך אָנ דעמ סויכערס ווײַב, וואָס האָט אימ געגעבנ אפּנ ווענ א שטיקל קעז. דאָ גייט ער איבער לויט דער אַסאָציאַציע צו זײַנ פאַרשטאָרבענער שפּרינצע. אָט דער מאָמענט פאַרכאַפּט אימ אונ ער גיט זיך אָפּ אינגאַנצנ זײַנע דערינערונגענ. די פאָרגעשיכטע פונ העלד דעקט זיך ביסלעכווײַז אויפ. פאַר אונדז ווערט קלאָרער אונ רעאַלער אָט דער נאַיִווער פאָלקס־מענטש. אינטערעסאַנט איז, וויאַזוי ער דערציילט וועגנ שפּרינצענ אָט אָנ אייגנאַרטיקנ אופנ. די דיאַלאָגישע פאָרמ

פונ דעם דאָזיקנ עפּיזאָד איז כאַראַקטעריסטיש מיט דעם, וואָס דאָס טומט אַלצ פאַר אינ געדאַנק און ווערט נים אַרויסגערעדט.

ער האַקט איבער זײַנע געדאַנקענ. ער פאַרשעמט זיכ פאַר זיכ אַליינ. ער, דער ניקאָלײַעווער סאָלדאַט, וויל נים זײַנ „סענטימענטאַל“.

„דערווײַל נעמט א פּראָסט...“

עס דערנעענטערט זיכ דער אַנטשיידענער מאָמענט. דער שפּרײַט צווישנ פאַרלאַנג זיכ אָפּצורוענ און דער שרעק פאַרפראָרנ צו ווערנ דוייערט נאָכ. ער טרייסט זיכ מיט דעם, וואָס עס איז שוינ נאָענט. ער טראַכט וועגנ דעמ, וואָס ער וועט טאָנ אינ דאָרפ. אָבער ער נים נאָכ די פיס אינ זעצט זיכ אָפּרוענ.

„לאָז מיכ נאָר פּרוונ! אַזוי לאַנג פאָלגנ מיר די פיס, וועל איכ זיי אויכ אַמאָל פאָלגנ!—און שמאַריע זעצט זיכ אינ דער זײַט אפּ א בערגל שניי“...

די קאַטאַסטראָפע דערנעענטערט זיכ:

„נאָר בײַ ברעמענ פאָלנ אים צו, ווי בלײַ“...

דאָס טראַכטנ זײַנס ווערט שוינ אָנ ווען לאָגישנ סיידער. עס פלאָנטערט זיכ שוינ אינ קאָפּ. עס שוועבנ דורכ בליצשנעל די זינ, די פּויערים פונ דאָרפ, דער יישוווניק, וואָס ווײַטער ווערנ די פּאַווע קלענער, דער פלאָנ־טער—שטאַרקער:

„און עס איז געווענ נענוג... ער איז געבליבנ פאַרשטאַרט מיט דער האַנט אפּ דער בוזעמ־קעשענע“...

דער שלום קערט זיכ ווידער אים צום אָנהייב, ווענ ער האָט זיכ איינ געשראָקנ פארנ געלט: „ער וויל זיכ דאַפקע אײַנרײדנ, אז ער טאַפּט נאָר בא דעם בוזעמ־טאַש“... מיט דעם זעלביקנ געדאַנק שטאַרבט דער מעשולעכ.

דער קולמינאַציע־פּונקט פונ די געשעענישנ איז דער מאָמענט, ווענ ער זעצט זיכ צו. דער פּסיכאָלאָגישער קולמינאַציע־פּונקט—ווענ ער ווערט פאַר־פראָרנ.

דער סכעמאַטישער אַנאַליז פונ דער דאָזיקער נאָוועלע וועט געבנ די מעגלעכקײַט צו באַקאָנענ זיכ מיט דער קאָמפּאָזיציע פונ א ווערק, ד.ה. מיט דעם סיידער, אינ וועלכנ דער אויטאָר גרופּירט די געשעענישנ.

דאָ איז אויכ נים איבעריק צו באַמערקנ דעמ איבערנאַנג פונ דריטער פּערזאָנ אינ דער ערשטער. דאָס נים צו א באַזונדער לעבעדיקײַט דער שילּ־דערונג.

דער אַנאַליז פונעם „מעשולעכ“ וועט צוגרייטנ די שילער צום אַנאַליז פונ מער קאָמפּליצירטע ווערק.

צום שלום קענ מענ פאַרגלײַכנ פּערעצעס „מעשולעכ“ מיט טאָלסטויס דערציילונג „דער באַלעבאָס און דער אַרבעטער“ (Хозяин и работник) אי לויט זייער פּסיכאָלאָגישנ געמעל, אי לויט דער פאַנאַנדערוויקלונג פונ דער טעמע. עס וועט געווינ זײַנ זייער אינטערעסאַנט נאָכצופאָרשנ, וויאַזוי די ביידע גרויסע שרײַבער גייענ צו צו לייזנ אזא פּסיכאָלאָגישע אויפגאַבע. די

דאָזיקע פאַרגלײַכנ װעלנ נאָכ מער העלפנ באַנעמענ די אנאַליזירטע נאָװעלע.

דער לערער קענ אויכ פאָרלײגנ די שילער צונויפשטעלנ א קורצע דער־צײלונג אפּ אנ ענלעכער טעמע.

## אינ קעלער־שטוב

דער סאָציאַלער טאָכ פונ דער דערצײלונג. דער דיאַ־לאָג. אויסטײלנ דעמ באַשרײַבונגס־טײל, אָפּמערקנ דעמ קאָנטראַסט־עלעמענט פונ דער דערצײלונג.

---

פערעצעס דערצײלונג „אינ קעלער־שטוב“ װײַזט װידעראַמאָל פערעצעס עכטנ הומאַניזמ, פערעצעס סימפּאַטיע צומ אונטערדריקטנ אונ לײַדנדיקנ. אינ די קעלער־שטיבער, אינ דער טיפסטער אָרעמקײַט װױנט פרײד אונ גע־פינט דאָס שײנסטע אונ דאָס מענטשלעכסטע. א װוּנדערער געפיל פונ פרײַ־הײט, כאַװערשאַפט אונ עמעסער ליבע לעבט נאָכ בא דעמ האָרעפּאַשניק אונ אַרבעטנדיקנ. אונטער דעמ אויסערלעכנ גראָבנ הײַטל איז פאַרבאָרגנ א טיפ־מענטשלעכער געפיל, װאָס באַלײַכט העל דאָס גאַנצע אָרעמע לעבנ.

פונ דעמ דאָזיקנ שטאַנדפּונקט דאַרפ מענ צוטרעטנ צומ אנאַליז פונ דער דערצײלונג „אינ קעלער־שטוב“.

מע קאָנ דאָ שטעלנ אײניקע פראַגנ, װעלכע זאָלנ העלפנ באַנעמענ די הויפּט־אידײ פונ װערק:

1. װעלכנ טײל פונ דער דערצײלונג קענ מענ אויסטײלנ אלס הויפּט־טײל?
2. אָנמערקנ אינ דער דערצײלונג די קאָנטראַסטירנדיקע טײלנ.
3. דער דיאַלאָג אינ דער דערצײלונג.

1. דער הויפּט־טײל אינ דער דערצײלונג איז דאָס בילד, װאָס שילדערט די יונגע פּאָרפאָלק בא דער װעטשערע. בא בײדנ פלעכטנ זיכ איבער צװײ געדאַנקענ: אײנ געדאַנק װעגנ דער ניט זיכערער צוקונפט, אונ דער צװײטער געדאַנק, אז בא א טרײַענ צוזאַמענלעבנ װעט יעדע שלעכטע צײַט ניט זײַנ אזוי שרעקלעכ. איבער די אלע דײַגעס פּרעװאַלירט דאָכ דאָס געפיל פונ ליבע, װאָס װאַרפט אָפּ אלע לעבנס־זאָרגנ אונ װײַט נאָר פונ גליק, ניט געקוקט אפ אלע אײַנרײַדענישנ פונ דער אלטער פרײַדלענ.

2. די אלגעמײנע באַשרײַבונג פונ „קעלער־שטוב“ קאָנטראַסטירט מיט דער שילדערונג פונ דער „יונגער פּאָרפאָלק־מעטשאָלע“ הינטער די שפּאַניער־װענטלעכ. עטעס, אויכ אינ „טרײַנעס דאַלעדאַמעס“ איז ניט גאָר רײַכ, אָבער אפ אלצ ליגט די האַנט פונ נאָכ א יונגער פרוי, װעמעס לעבנ ס'איז נאָכ ניט פאַרביטערט פונ זאָרגנ אונ דײַגעס. די דאָזיקע אָרעמקײַט איז נאָכ באַהויכט מיט אזא אינטימענ געפיל פונ ליבע, אז אלצ באַקומט נאָר אנ אנדער אויסזעענ.

פאַר אונדזערע אויגנ װיקלט זיכ פאַנאַנדער א בילד פונ שרעקלעכער אָרעמקײַט אונ נויט, פונ האָרעפּאַשניע אונ הונגער. פונ יעדנ װינקל טראָגט זיכ א זיפצ, א קרעכצ, אלצ איז דורכגעדרונגענ מיט פאַרצװײפלונג. אונ דאָ,

אינעם פערטנ אָפגעצאַמטנ ווינקל, וווּ עס געפינט זיך די נאָכ דערווײַל גליק-לעכע פאָרפאָלק, איז אַלצ אַנדערש. עטעס, מיר זענענ איבערצײַגט, אַז אַזוי וועט זיך נים שטענדיק ציִענ דאָס לעבנ פונ דער יונגער פּאָר, מיר ווייסנ, אַז דאָס גליק וועט לאַנג נים דויערנ, אַז אינ דער וועלט פונ עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג ווערט דערשטיקט יעדער פונק פונ גליק, אַז אַפ זיי וואַרט אויכ דער גוירל פונ די, וואָס געפינענ זיך אינ די איבעריקע ווינקלענ פונ קעלער-שטוב. אָבער די נאָענטקײט, די אינטימקײט צווישנ דער פאָרפאָלק איז אַזוי גרויס, אַז מיר פאַרגעסנ צוזאַמענ מיט זיי דעם גרויזאַמענ מאָרגנ, און צוזאַ-מענ מיט זיי לעבנ מיר איבער זייער גליק.

דער שרײַבער רײַסט איבער די דאָזיקע איליוזיע. ער צעשטערט די שטי-מונג. עס רײַסט זיך אַרײַנ די גרויע וואָכעדיקײט מיט אַלע אירע צאָרעס און לײַדנ. לאַנג אַזוי לעבנ וועט מענ זיי נים לאָזנ. „פריידלס הייזעריק-שפּיציק-גיפּ-פּיק-קאָל" ניכטערט אויס פונ דער פאַרשיכּערונג און דערמאָנט אָנ דעם גרוי-זאַמענ לעבנ.

3. דער דיאַלאָג, דער קורצער אָפּגעהאַקטער געשפּרעכ, גיט צו אַ גרויסע רעאַליסטישע קראַפט דער שילדערונג.

פערעצ בויט אַזוי דעם דיאַלאָג. פונ אָנהייב ווערט דער דיאַלאָג באַגלייט מיט באַמערקונגענ פונ אַווטאָר, וועלכע פאַרבינדנ דעם געשפּרעכ. וואָס ווײַטער גייט דער דיאַלאָג אַלצ האַסטיקער און אומגערעגטער, און דעם אַווטאָרס באַ-מערקונגענ פאַרשווינדנ—זיי וואַלטנ בלויז געשטערט דעם הייסנ געשפּרעכ צווישנ מאַנ און ווײַב, זיי וואַלטנ געשטערט דער אינטימקײט פונ דער יונגער פאָרפאָלק.

די באַאַרבעטונג פונ דער דערציילונג קאָנ מענ פירנ אַפ אַזאַ אויפנ: דער לערער לײענט פאָר די שילער איבערגעבנ דעם אינהאַלט פונ דער דערציילונג אָנ דער באַשרײַבונג פונ דער „קעלער-שטוב". וואָס וואַלט די דערציילונג פאַר-לאָרנ? צי עס וואַלט אָפּגעשוואַכט געוואָרנ דער אײַנדרוק? נאָכ דעם, ווי מענ שטעלט פעסט ווי אָרגאַניש עס זײַנענ צונויפגעבונדנ די באַזונדערע טײלנ פונ דער דערציילונג, טרעט צו דער לערער צום אַנאַליז פונעם דיאַלאָג. ער קלערט אויפ דעם אונטערשייד פונ דיאַלאָג און מאָנאָלאָג, באַווײַזט פערעצעס מײַסטער-שאַפט אינעם דיאַלאָג.

צום שלוס קאָנ דער לערער אונטערפירנ אַ סאַכאַקל פונ די דורכגעאַרבעטע דערציילונגענ „באַסענע געהאַט" און „אינ קעלער-שטוב". אינ דעם דאָזיקנ סאַכאַקל דאַרפ דער לערער באַווײַזנ פערעצנ אַלס שעפער פונ דער שאַרפער סאָציאַלער נאָוועלע, אַלס קעמפער קעגנ פינצטערניש און אונטערדריקונג, באַ-ווײַזנ פערעצעס סימפּאַטיעס צו די פאַרפאָלגטע און עקספּלואַטירטע מאַסנ.

דער לערער קענ פאַרגעבנ אײניקע שריפטלעכע אַרבעטנ:

1. די לאַגע פונ דער יידישער פרוי לויט די דערציילונגענ: „באַסענע גע-האַט" און „אינ קעלער-שטוב".
2. די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסנ אינ פערעצעס שילדערונג.
3. פערעצ—דער מײַסטער פונ דער רעאַליסטישער נאָוועלע.

די באהאנדלונג פון די ראָזיקע טעמעס וועלן פאַרטאַכאַקלען די דורכגע־מאַכטע אַרבעטן און וועלן געבן אַ גאַנצע היפּשע פאָרשטעלונג וועגן פערעצעס שאַפונג.

---

## באָנצע שווײַג

די שילער לייענען איבער „באָנצע שווײַג" אינדערהיים און גרייטן צו ענטפערן אויף די פאָלגנדיקע פראַגעס:

1. באָנצע: זײַן אויסערלעכער אויסזען (געפינען די גײַסטיקע ציטאַטן). זײַן ביאָגראַפיע. פּלאַן פון דער נאָוועלע.

2. די יידישע בורזשואַזיע אין פערעצעס שילדערונג.

3. אין וואָס דריקט זיך אויס פערעצעס פּראָטעסט קעגן דער סאָציאַלער אָרדענונג?

4. צוליב וואָס האָט פערעץ געבראַכט צוויי וועלטן: די וועלט און „יענע" וועלט?

5. וואָס באַטײַט דער נאָמען „באָנצע שווײַג"? צי אַנטשפּרעכט דער נאָמען דער גאַנצער האַנדלונג און דער כאַראַקטעריסטיק פון העלד?

6. צי אַנטשפּרעכט די לייזונג באָנצעס כאַראַקטעריסטיק?

---

אין דער דערציילונג, ווי אויך אין אַנדערע, קאָן מען אויסלערנען די שילער צונויפשטעלן אַ פּלאַן. די ראָזיקע אַרבעט איז אײַנצײַטיק אַ לאָגישע און סטי־ליסטישע. דער לערער דערקלערט דערבײַ, אַז דער פּלאַן קאָן זײַן אַ פאַרשיי־דענער: אין פאָרם פון פראַגן, אין פאָרם פון פולע ענטפערן, אין פאָרם פון קעפּלעך. צום בײַשפּיל: וואָזוי איז געשטאָרבן באָנצע? באָנצע איז גע־שטאָרבן. באָנצעס טויט. מע קאָן זיך האַלטן בײַ איין פאָרם פון פּלאַן, אָבער מע קאָן זיך אויך באַנוצן מיט אַ געמישטער פאָרם, ד.ה. אויסקלײַבן פאַר יעדן פּונקט פון פּלאַן די מער אַנטשפּרעכנדיקע פאָרמולירונג.

דער פּלאַן פון דער דערציילונג „באָנצע שווײַג" קאָן זײַן אַזאַ:

1. דער אײַנדרוק פון באָנצעס טויט אויף דער וועלט (די פאַרבינדונג).

2. שטיל געבוירן, שטיל געלעבט און שטיל געשטאָרבן. (אַ כאַראַקטעריזירנדי־קער עפּיזאָד).

3. דער רעשט פון באָנצעס טויט אויף יענער וועלט (אַ פאַרבינדנדיקער עפּיזאָד).

4. דער געריכט (אַ כאַראַקטעריזירנדיקער עפּיזאָד):

א) דער פאַרטיידיקער וועגן באָנצעס לעבן.

ב) דער ענטפער פון באַשולדיקער.

5. דער אורטייל און די רעדע פון פּרעזעס (קולמינאַציע־פּונקט).

6. באָנצעס פאַרלאַנג (די לייזונג).

קעדיי ענטפערן אויף דער צווייטער און דריטער פראַגע, דאַרף מען זיך ווענדן צום טעקסט: געפינען דאָס נייטיקע אָרט, די פּאַסיקע ציטאַטן. אויסער

די ציטאַטנ פּאַרטרעטנ זיכ נאָכ טורעמע פּאַרטעלירונגענ, וועלכע גרייכנ צו די אויספירנ (איבערדערציילט באַנציעס וויכטיקסטע טעמעס).

דער ענטפער אויפ דער פערטער פראַגע איז אַ מער קאָמפּליצירטערע, אונ דער לעזער דאַרפ דאָ קומענ צוהילפ. פערעצ באַנוצט יענע וועלט אַלס אַ געוויסנ סטיליסטישנ מיטל. דער דאָזיקער מיטל איז געווענ פאַרשפּרייט אינ דער יידישער מאַסקילישער ליטעראַטור ווי אויכ אינ דער אַלגעמיינער מיטלעלטערלעכער ליטעראַטור. דאַנטע פירט אַרומ זיינע העלדנ, פאַרשיידענע פויפּסטנ אונ אַנדערע אינ זיינ „גענעמ". דאָרטנ ווערנ ערשט קלאָר זייערע עמעסע זינד, דאָרטנ באַקומט יעדערער זיינ אָרט אונ זיינ פּאַס לויט זיינע עמעסע מעסים. אינ דעמ דאָזיקנ פאַל ווערט דער מענטש דעמאַסקירט. די אָרדענונג אינ יענער וועלט איז נאָר אַ פאַרקערטע. דער הייליקער, דער צאַדיק, וועלכער איז אינ דער וועלט געווענ אַזוי פאַרנעמערט אונ פאַרהייליקט, ווייזט זיכ דאָרט אַרויס אַלס שווינדלער, אויסוואורפ א.א.וו.

פערעצ האָט אויכ אויסגענוצט אַנ ענלעכנ סטיליסטישנ מיטל. ער האָט אימ באַנוצט זייער קינסטלעריש אונ מיט אַ לייכטער איראָניע. פערעצ האָט פאַרקלענערט באַנציעס מעסימ אינ דער וועלט, כאָטש מאַכנ זיי נאָכ ביילעמער אינ יענער וועלט. דאָס, וואָס אינ דער וועלט גייט דורכ פאַרבענ, אומבאַמערקט, באַקומט נאָר אַנ אַנדער אויסזענ אינ יענער וועלט. אינ אַזאַ אויפנ האָט פערעצ געשילדערט זיינ העלד אונ געגעבנ זיינ כאַראַקטעריסטיק.

פערעצ האָט געגעבנ אַ נאָמענ זיינ העלד „באַנציע שווייג". אַ טרעפלעכער נאָמענ, וואָס ניט איבער מיט איינ וואָרט דעמ גאַנצנ מהלכ פונ באַנציענ. אינ דער „שווייגער", וואָס ווייס אַליינ ניט פונ זיינ באַהאַלטענער קראַפט, איז אינ יענער וועלט דער גרעסטער באַשעפער מענטש. דאָ, אינ דער וועלט, האָט ער געשוויגנ, אָבער אינ זיינ שווייגנ איז אַזויפיל גרויסמוטיקייט, אַזויפיל מענטשלעכעס, וואָס מע קענ נאָר טרעפנ ביי אַרבעטנדיקנ. מיר פילנ, אַז צו באַנציעס שווייגנ וועט פריער אָדער שפּעטער קומענ אַ סאָפ, אונ דאַנ וועט ער זיכ באַווייזנ מיט זיינ קאָלאָסאַלער קראַפט. אינ אינ „יענער" וועלט פאַרשטייט מענ דאָס זייער גוט: „דו אַליינ האָסט גאָר עפּעס ניט געוווּסט, אַז דו קענסט שרייענ אונ אַז פונ דיינ געשריי קענענ יעריכאָס מויערנ ציטערנ אונ איינפאַלנ! דו אַליינ האָסט פונ דיינ פאַרשלאָפענעמ קויעכ ניט געוווּסט"...

פיל פאַרשלאָפענער קויעכ ליגט אינ אַרבעטנדיקנ, ער וואַרט נאָר אויפ דער דערוואַכונג, אונ דאַנ וועט ער פאַרניכטנ די וועלט פונ עקספּלואַטאַציע אונ אונטערדריקונג.

אויכ אינ אָט דער דערציילונג האָט פערעצ אַרויסגעוויזנ זיינ נייגונג צו אַנ אומדערוואַרטער לייזונג. אויכ דאָ איז דער פינאַל אינגאַנצנ אַנ אומדערוואַרטער. ער ניט אָבער צו אַ גלענצנדיקנ שטריכ צו באַנציעס כאַראַקטעריסטיק. דער העלד ווערט פאַר אונדז קלאָר אָנ קיינע דעטאַלע באַשרייבונגענ.

---

# מאָניש

**אויסדריקלעכ לײענענ. ענטפערנ אפ פראגנ. קאָמענטאַריעס פונ לערער.**

---

„מאָניש“ איז ניט אזוי לײַכט צו אנאליזירנ. דער לערער װעט מוזנ קומענ צוהילפ מיט זײַנע קאָמענטאַריעס אונ דערקלערונגענ.

דעמ אנאליז פונ „מאָניש“ קאָנ מענ דורכפירנ לויט אזא פלאנ:

1. אױטאָביאָגראפישע מאָמענטנ אינ „מאָניש“.
2. ארויסטרעטונג קעגנ דער בעסמעדרעש-קולטור אינ „מאָניש“.
3. די באלאדעאַרטיקײַט אינ „מאָניש“.
4. סטיל-פארשײדנקײַט אינ „מאָניש“.
5. אײַנטײלנ די סאטירישע אונ באלאדישע ערטער.

1. אינ זײַנע „זיכרוינעס“ דערצײלט פּערעצ װעגנ זיכ פאָלגנדיקעס: „געװענ בינ איכ, װי מע האָט געזאָגט: אנ אילוי, א פלינקנ לאַמדישנ קאָפּ געהאט אונ — פיל געמיט.

„װיאזוי בינדט זיכ דאָס צוזאמענ? עס בינדט זיכ ניט. עס גיסט זיכ ניט צוזאמענ... א פראָצעס פונ צװײ עלעמענטנ (א לאָגישער מויעכ אונ א הארצ פול געמיט...)

„אינ „מאָניש“, צװישנ אונדז גערעדט, האָב איכ געװאָלט זיכ אלײנ קאָ-פירנ, האָב איכ מיכ אָבער פארשענערט. איכ בינ געװענ מאָגער, שװארצ, נאָר ברענענדיקע אויגנ געהאט (פונקענ-זײַנענ נאָכ געבליבנ) אונ גרויסע. דער „װאָס טרעפט באלד ארײַנ אינ קאָרב, מעג דער ראמבאמ זײַנ װי הארב“—בינ איכ! נאָר דערצו נאָכ א „באלקוירע“ איז צוגעגעבנ צומ גראמ“.

אינ א צװײטנ אָרט פונ זײַנע „זיכרוינעס“ דערצײלט פּערעצ װעגנ זײַנ ליבע צו דרײַ שװעסטער, פונ װעלכע ער האָט געמאָלט לילית: „אונ דאָכ מע טרעפט זיכ, מע קושט זיכ... אז אָפּגערעדט! אונ לילית פארלאנגט, אונ מאָניש שװערט... ניט אזוי הויכ! עס קומט ניט אזוי װײַט. עס ענדיקט זיכ דערי-בער ניט מיטנ „בעזעמ אינדערהויכ“...

מע קאָנ פארגלײַכנ מאָנישעס פאָרטרעט מיט פּערעצעס ארויסזאָגונג װעגנ זיכ:

שװארצע לאָקנ װי די נאכט,
קארמענ-ליפּנ — רויזנ צװײ!
שװארצע ברעמענ װי די בױגנ,
װי דער הימל בלויע אויגנ,
אונ א פײַער ברענט אינ זײ!

אָדער פארגלײַכנ דאָס אָרט, װו ער מאָלט לילית—די שײנע מאַריע (פונ „אונ ער שװערט איר“ ביז „אמ א בעזעמ אינדערהויכ“).

די דאָזיקע פארגלײַכונגענ מאכנ בולעט, װיאזוי פּערעצ האָט געמאָלט זײַנ העלד, זײַנ מאָנישנ. ער האָט געװאָלט מאָלנ א העלד, אינ װעלכנ עס זאָל

פיגורירט א גאנצע רײ פערזענלעכע שטריכנ, דערהויבנ דורכ זײַנ דיכטערישער פאנטאזיע אונ באהויכט מיט זײַנ טאלאנט.

פערעצ נימט אינ די געבראכטע שורעס פונ די „זיכרוינעס“ זײַנ זעלבסט=כאראקטעריסטיק—די צווייענדיקײַט פונ זײַנ „איכ“: „א לאָגישער מויעכ, אונ א הארצ פול מיט געמיט“—אָט די צוויי זײַטנ פונ פערעצעס נאטור איז אָפט די טעמע פונ א גאנצער רײ פערעצעס דערציילונגענ, ווו עס קומט פאָר דער צוזאמענשטויס צווישנ הארצ אונ מויעכ. מאָניש לערנט נימ נאָר טוירע, נימ נאָר „ער האָט ליב א בלאט געמאָרע, ער האָט כיישעק צו א סחאָרע“, נאָר ער האָט אויכ א הארצ מיט א מיטנ געפיל, וואָס פארוואַרפט אָנ א זײַט די לאָגיק אונ ווערט פארכאפט פונ מאריענ, פונ דער ערדישער שיינקײַט.

3. פערעצ רופט אָנ „מאָניש“ באלאדע. דער נאָמענ אָבער איז א באדינג=לעכער. דער לערער דערקלערט די גרונט=שטריכנ פונ א באלאדע. ער קענ אײַ=בערלייענענ פאר די קינדער פערעצעס באלאדע „אינ קײלער“, ווי אויכ אנדערע באלאדעס. באשטימענדיק דעמ כאראקטער פונ באלאדע, טרעט צו דער לערער צו כאראקטעריזירנ דעמ באלאדישנ כאראקטער פונ „מאָניש“. אינ „מאָניש“ פאראָדירט פערעצ די באלאדע. די שדים=מאכנע באקומט בא אימ א גע=ווײנלעכנ מענטשלעכנ אויסזעענ. זיי ריידנ נאָר אפ א געוויינלעכער מענטשלעכער שפראכ אונ אָפט אפ א גאנצ וולגארער שפראכ. אינ דער באשרײַבונג פונ סאמאָעלס אונ לילית האנדלונג איז דאָ צופיל מענטשלעכעס—איראָניש מענטש=לעכעס, קאָמיש מענטשלעכעס: „סאמאָעל ליגט זיכ אונ רויכערט אינ בעט“... „זיי שמועסנ פארטרויט פונ דעמ אָדער יענעמ, וועמענ צו פאקנ ארײַנ אינ גענעמ, וועמענ צו שמײַסנ מיט אײַזערנע רימער, וועמענ צו פרעגלענ צימ פרישטיק אפ פוטער“... „גוואלד! לילית קרענקט! אנ אײַצע גיב! שנעל!... „קוימ וואָס ער שלוקערצט א וואָרט נאָכ א וואָרט... געשווינד, הער באראָנ!“... אינ אזא סאטירישנ טאָנ איז אויכ אויסגעהאלטנ דער באל אפנ בארג אראראָט: „אונ שאמפאניער—ווי וואסער... אונ סאמאָעל טראָגט איר לאנגע שלעפ מיט בארבאנדער=שפיצנ“...

קלאָר, אז דער פאנטאסטישער עלעמענט איז דאָ נימ קיינ אָרגאנישער, ער באשאפט נימ די געהעריקע שטימונג אונ בילדעט נימ צוזאמענ מיט דער סוויווע, מיט דער נאטור איינ גאנצעס. דער פסעוודאָ=פאנטאסטישער עלעמענט ווארפט זיכ גלײַכ אינ די אויגנ אונ צעשטערט גלײַכ די אילוזיע פונ פאנטאס=טישקײַט. עס דערמאָנט ניכער קאָטליארעווסקיס „ענעידע“, פושקינס „גאוורי=ליאדע“, ווו געטער אונ מאלאָכימ באקומענ אלע מענטשלעכע שוואכקײַטנ—שיכורנ, הוליענ אונ זידלענ זיכ.

4. דער ריטמישער געוועב אינ „מאָניש“ איז פארשיידנארטיק. אָנהייבנדיק פונ לאנגזאמענ כאָריי בא דער באשרײַבונג פונ רויקנ לאנגזאמענ לעבנ אינ שטעטל („ס'איז געווענ אמאָל אנ אילוי“), ביז דעמ פארשנעלערטנ יאמב אונ פארטרויערטנ דאקטיל („חיימ איכ דעג, מאמע, וואָס ס'זינגט אינ מיר? כ'וויל נאָרנישט זינגענ, עס זינגט זיכ אליינ!“...)—די אלע ריטמענ געפינענ אנ אָרט אינ „מאָניש“, אָפהענגיק פונ כאראקטער פונ געשילדערטנ.

אינ „מאַגיש“ איז אויכ דאָ א רײַכע סטיל־פאַרשײדנאַרטיקײט: א רויק דערצײ־
לערישער סטיל, א ליריש עמאָציאָנעלער, א באַשרײַבערישער, א געווײנלעכער
רײד־סטיל אונ א קאָמיש־דערהײבענער סטיל.

צום סאָפ קאָנ מענ פאַרגלײַכנ צוויי רעדאַקציעס פונ „מאַגיש“ אונ קלאָר מאַכנ, וויאַזוי פּערעצ האָט געאַרבעט אױפ זײַנע ווערק. דאָ קאָנ מענ אויכ ברענגענ דעם בריוו־אויסצוג צווישנ שאָלעמ־אַלײכעמענ אונ פּערעצנ וועגנ „מאַגיש“. ווי עס איז באַוווּסט, האָט פּערעצ געשיקט „מאַגיש“ פאַר שאָלעמ־אַלײכעמס „ידישע פאָלקס־ביבליאָטעק“. שאָלעמ־אַלײכעמ האָט אַרײַנגעטראָגנ אינ ווערק א גאַנצע רײ ענדערונגענ. פּערעצ איז געווענ זײער אויפגערעגט. באַוווּנדערט פונ דעם, וואָס שאָלעמ־אַלײכעמ האָט אַרײַנגעטראָגנ די ענדערונגענ אָנ זײַנ האַסקאָמע. פּערעצ דרוקט אָפּ „מאַגיש“ נאָכאַמאָל, דערבײַ מערקט ער שאַרפ אַרויס קעגנ רעדאַקטאָרס האַנט, וואָס האָט, לויט זײַנ מײנונג, צעפּאַטערט דאָס ווערק.

## פּערעצעס סאַטירישע מײַסעלעכ:
## „די פרומע קאַצ“, „אינ געמויזעכצ“ א. אַנד.—

די סאַטיריש־געזעלשאַפטלעכע מײַסעלע, ווי אַנ אויסדרוק פונ ראַדיקאַלע געזעלשאַפטלעכע שטימונגענ. פאַרגלײַכנ די דאָזיקע מײַסעלע מיט דער פאָלקס־מײַסע אונ מאָשל. פאַרטראַכנ לויט טעמעס אונ פראַגנ. זעלבשטענדיקע שאַפונג אינ סטיל פונ פּערעצעס סאַטירישע מײַסעלעכ.

---

פּערעצעס ראַדיקאַלע אָנשויונגענ זײַנענ שטאַרק בולעט ווי אינ זײַנע רעאַליסטישע דערציילונגענ („אינ קעלער־שטוב“, „א קאַס פונ א ידענע“ א.אַנד.) אַזוי אויכ אינ די סאַטירישע מײַסעלעכ, וווּ ער דריקט אויס זײַנ סימפּאַטיע צום לײַדנדיקנ אונ אונטערדריקטנ אונ זײַנ האַס צו די זאַטע אונ צופרידענע.

דערלערנענ קאָנ מענ די מײַסעלעכ לויט פאָלגנדיקנ פּלאַנ:

### 1. דער געזעלשאַפטלעכ־דעמאַסקירנדיקער זינ פונ פּערעצעס מײַסעלעכ

„די פרומע קאַצ“

1. מיט וואָס איז דאָס ווערק ענלעכ אָפ א מײַסעלע לויטנ אינהאַלט אונ לויט דער פאָרמ?
2. וויאַזוי האָט זיכ די קאַצ באַצויגנ צו יעדנ זינג־פויגל? וואָס פאַרא בײַטע מיטלענ האָט אָנגענומענ די קאַצ צו יעדנ פויגעלע?
3. פאָרמולירנ דעם אַלגעמײנעם געדאַנק פונ דעם מײַסעלע.

## א. קעלבענער קאַלועכוטער"

1. דער סאָציאַלער זין פֿונעם מײַסעלע.
2. צי איז עס ענלעך צום מײַסעלע „די פֿרומע קאַץ", און וואָס דערנאָנטערט עס נאָך?

## „אין נעמויזעכץ"

1. ווי פֿילן זיך די אײַנוווינער פֿון נעמויזעכץ?
2. ווען און וואָס לאַכט פּערעץ אויס אין דער כאַמירע?
3. פֿאַרוואָס רופֿט אָן פּערעץ דאָס דאָזיקע מײַסעלע „אין נעמויזעכץ"?

---

## 2. די פֿאַרשיידנאַרטיקע טעמאַטיק פֿון פּערעצעס סאַטירישע מײַסעלעך

פּערעץ לאַכט אויס אין זײַנע מײַסעלעך פֿאַרשיידענע זײַטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון זײַן צײַט. אין זיי דעמאַסקירט ער צבֿועס, פֿאַלשקייט, זעלבסטצופֿרידנקייט, אַכזאָריעס און אַנדערע זאַכן. אין דער „פֿרומער קאַץ" מאָלט ער דעם רויבער, וואָס באַהאַלט זײַנע שאַרפֿע נעגל אונטער דער „אַנ־לאַסענער יופּע" און שטיקט און ווערגט דעם שוואַכן מיט אַ פֿרומער לײַטישער מינע.

„אין נעמויזעכץ" שילדערט פּערעץ די זעלבסטצופֿרידנקייט, די מורא פֿאַר עפּעס נײַס, דאָס באַרן זיך אין דעם אַלטן פֿאַרשימלטן לעבנ־שטייגער, די זיכערקייט, אַז דאָס איינגע שמאָלע וועלטל איז דאָס בעסטע אָרט אין לעבן: „און אַז אַ ווערטל האָט זיך פֿאַרגלוסט עפּעס אַ שינוי, איז גענוג געווען, עס זאָל זיך דערמאָנען, וואָס די „וועלט" וועט זאָגן דערויף — עס זאָל רויט ווערן, באַראָטע קריגן! און משוגע מאַכן!"

אין „א קעלבענער קאַלוועכוימער" באַטאָנט פּערעץ ווידער די פֿאַלשקייט פֿון פּרוטאַק, וועלכער קוילעט מיט אַ פֿרומער מינע: „מע דאַרף זײַן דערצו אַ ייִד אַ לאַמדן, מע דאַרף נאָך קענען הילכעס שחיטה, מע דאַרף קענען פּרוּוון דעם חלף אָן דער צונג... אויך מוז מען זײַן פֿרום, אײַנגעהיטן אין מיק־ווע, דערצו ערנסט מאַכן די בראָכע און פֿאַרגלייזן די אויגן".

## 3. פּערעצעס סאַטירישער געלעכטער און מענדעלעס סאַטירע

מיר פּרוּוון פֿאַרגלײַכן „די פֿרומע קאַץ" מיט די העלדן פֿון מענדעלעס „קליינע מענטשעלע" אָדער „טאַקסע". צי קען מען אָנרופֿן ספּאָדעקן אָדער איסער וואַרנערן „אַ פֿרומע קאַץ"? און וואָס שיידט זיך אונטער פּערעצעס געלעכטער פֿון מענדעלעס געלעכטער?

בא מענדעלענ און אויכ בא שאָלעמ-אליינכעמענ זײַנענ די סאטירישע [illegible]-נעס אַפּנ אויכ בוילעט. זיי צוהילפ קומענ אויסערלעכע אקסעסוארנ: דער פּאָרט-רעט, די מימיק, די רייד—אינ אלצ פילט איר די פאלשקײַט, און וואָס מער דער אוטאָר פארטיידיקט זײַנ העלד, אלצ מער פילנ מיר די דעמאַסקירונג, דאָס געגאַמיוס, וואָס געפינט זיכ אינ אימ.

פּערעצ באנוצט וויניק די אויסערלעכע מאָמענטנ. מיט איינ שטריכ ניט ער איבער דעמ טאָנ פונ דער אָדער יענער נענאַציע, פאראלגעמיינערט זי, אב-סטראַגירט זי און פארשארפט זי ביז איר העכסטנ אויסדרוק.

דאָ וואָלט אויכ געווענ ניט שלעכט פארגלײַכנ פּערעצעס סאטירישע מײַסע-לעכ מיט שאָלעמ-אליינכעמס מײַסעלעכ „ראַבטשיק“, „קאַפּאָרעס“ א.אנד. די דאָזיקע ארבעטנ וואָלטנ באַטאָנט שארפער דעמ כאראקטער פונ פּערעצעס סאטירע.

## 4. פּערעצעס סאטירישע מײַסעלעכ און דער מאָשל

פּערעצעס מײַסעלעכ איז לײַכט צו פארגלײַכנ מיטנ מאָשל. דאָרטנ האָבנ מיר אויכ די זעלביקע אלעגאָריע מיט איר דעמאַסקירנדיקנ אינהאלט. דער אונ-טערשייד איז נאָר אינ דער פאָרמ (פּערזנ אָדער פּראָזע), אינ פארנעמ און אינ דער קראַפט פונ סאטירישנ בימ.

ווי בא די פאבל-שרײַבער האָט זיכ אויכ בא פּערעצנ אויסגעארבעט די פאָרמ פונ א סאטיריש מײַסעלע אדאנק דעמ פארלאנג—זאָגנ פארמאסקירט דאָס, וועגנ וואָס מע קאָנ ניט ריידנ אָפנ. אָבער צוליב דער גרויסער געזעל-שאפטלעכער פאראלגעמיינערונג, וועלכע פּערעצ האָט געוואָלט געבנ, איז די פאבל געווענ צו איינפאכ און צו שמאָל.

די אויספירנ קענענ די שילער מאכנ אפנ סמאכ פונ פארגלײַכנ די „פרומע קאצ“ מיט קרילאָווס מאָשל „דער העכט און די קאצ“.

מע קאָנ אויכ פארגלײַכנ פּערעצעס סאטירישע מײַסעלעכ מיט שטשעדרינס סאטירישע מײַסעלעכ. עס וואָלט געלוינט פארגלײַכנ פּערעצעס מײַסעלע „אינ געמווזעכצ“ מיט שטשעדרינס מײַסעלע „דער קלוגינקער פּיסקאר“. אינ דער פארגלײַכונג וואָלט קלאָר געוואָרנ דאָס אלגעמיינע און פארשיידענע אינ דער שאפונג פונ די ביידע גרויסע סאטיריקער. עס וואָלט נאָכ קלערער געוואָרנ די אייגנארטיקײַט פונ פּערעצעס סאטירע.

---

דאָס דורכארבעטנ די „מײַסעלעכ“ קענ ארויסרופנ בא די שילער א פאר-לאנג אויספּרוּוונ די אייגענע קויכעס אינ דעמ דאָזיקנ זשאנר. די שילער האָבנ אָפט כיישעק סאטיריש שילדערנ די פארשיידענע נעגאטיווע מאָמענטנ פונ שול-לעבנ. דאָס מײַסעלע גיט פאר דעמ א פארהעלטניסמעסיק צוטריטלעכע פאָרמ. דער לערער דארפ אזעלכע פּרוּוונ אלזײַטיק אונטערהאלטנ.

# דאָס שטרײמל

**דער אנטירעליגיעזער כאראקטער פונ דער סאטירע אינ „שטרײמל“. די סטיליסטישע מיטלענ, וועלכע פערעצ האט אויסגענוצט צוליב סאטירישע צוועקנ. אנאלאָגיעס מיט אנדערע פערעצעס ווערק.**

---

„דאָס שטרײמל“ איז אײנע פונ די שארפסטע פערעצעס סאטירעס. אינ דעמ ווערק האט פערעצעס סאטירישע קראפט דערגרײכט צו א קאָלאָסאלער הײכ. פערעצ האט דאָ בײסנדיק אויסגעלאכט אלצ אונ אלעמענ, וואָס בילדנ די שפּיצ-זײלנ פונ דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג. ער האט אויסגעלאכט די צווײעס אונ אינקוויזיטאָרישע מאכט פונ דער רעליגיע, דעמ בונד צווישנ געלט אונ פרומקײט. ער האט אויפגעדעקט די פאלשקײט אונ די פארפירע-רישקײט פונ די אלע, וואָס לעבנ אפּנ כעזשבנ פונ די פינצטערע, אומוויסנדיקע פאָלקס-מאסנ.

אינ דעמ דאָזיקנ ווערק האט פערעצ דערהויבנ דאָס „שטרײמל“ צו א סימ-וואָל פונ פאלשקײט אונ באטריגערײ, צו א סימוואָל פונ פינצטערניש אונ אונטערדריקונג. ער האט דעמאסקירט דעמ פרומאק אונ האט באוויזנ, מיט וועלכע מיטלענ ער האלט די מאסנ אינ צוימ, האלט זײ אינ קנעכטשאפט אונ אומוויסנהײט.

קעדײ קלאָר צו מאכנ דעמ סאטירישנ טאָנ פונ „שטרײמל“, קאָנ מענ פארלײגנ די שילער אײניקע פראגנ:

1. אינ וועמענ האט פערעצ געצילט אונ וועמענ אונ וואָס האט ער דעמאס-קירט אינ זײנ „דאָס שטרײמל“?

2. וועלכע קינסטלערישע מיטלענ האט פערעצ אויסגענוצט צוליב זײנע סאטירישע צוועקנ?

אפ דער ערשטער פראגע וועט די שילער זײנ נים שווער צו ענטפערנ. זײ דארפנ באשטעטיקנ די ארויסגעזאָגטע געדאנקענ מיט ציטאטנ אונ אויסצוגנ פונ ווערק. די ציטאטנ דארפנ באטאָנענ דעמ אנטירעליגיעזנ כאראקטער פונ „שטרײמל“. מע דארפ אָבער דערבײ אײכ באמערקנ די פעסטע פארבינדונג צווישנ דער הערשאפט פונ געלט אונ הערשאפט פונ רעליגיע, אינ וואָס עס דריקט זיכ אויס די העסלעכקײט פונ דער רעליגיע אונ וויאזוי זי הערשט איבער די מאסנ. די שילער וועט זײנ נים שווער צו באנעמענ דעמ טאָנ פונ פערעצעס סאטירע.

אפ דער צווײטער פראגע וועט זײנ אביסל שווערער צו ענטפערנ, אונ דער לערער וועט דאָ דארפנ קומענ צוהילפ.

פערעצ האט דאָ אויסגענוצט אײניקע אָנגעווענטע מיטלענ פונ סאטירע: באשטעטיקנ אײנס, אונ דערבײ זאָל זיכ גלײכ פילנ, אז מע מײנט א צווײטס. איבערצײגנ אלצ מער אינ דער ריכטיקײט פונעמ ארויסגעזאָגטנ געדאנק, אָבער אינ די דאָזיקע איבערצײגונגענ לאָזט זיכ גלײכ פילנ די פאלשקײט פונ דער

באַהויפּטן. אַלץ איז אָנגעווענדעט געוואָרן אַז אָפּצולײקענען דאָס ארויסגעזאָגטע.

„דאָס שטרײמל“ איז אײגנטלעך א מאָנאָלאָג. דער דערצײלער, בערל קאָל־באַס, גיט ניט נאָר איבער די געשעענישן, נאָר ער גיט זײ צו א גרויסע ספּעציפֿישע באַלויכטונג, און אַראַנק דעם איז די ווירקונגס־קראַפֿט א פּיל שטאַרקערע. אַלץ ברעכט זיך דורך דער פּריזמע פֿונעם דערצײלער מיט זײַן ספּעציפֿישן אַרט דענקען, מיט זײַן באַציִונג צו דער זאַך, מיט זײַן אויפֿ־רעגונג און איראָניע, מיט זײַן קאַס און מיטלײַד—מיט אַלע זײַנע געפֿילן, וואָס עס רופֿט בײַ אים ארויס דאָס געשילדערטע.

שוין פֿון אָנהײב פֿון דער דערצײלונג שטעלט זיך אונדז בערל קאָלבאַס פֿאָר: „זײַן בין איך א קירזשנער, נאָר דעריקער—א שטרײמל־מאַכער“.

און ווײַטער: „אין שטאָט, באַרעכנהאַשעם, האָב איך קײן דײַע ניט, צו קײן אַסיפֿע רופֿט מען מיך ניט, אַלײן גײ איך—בין איך קײן שנײַדער ניט, איך קום ניט קײן קימאַס אין גאַס ארויס! איך האָב קײן שטאָט ניט, ניט אין שול, ניט אין בעסמעדרעש, ניט בײַ א מיניען! איך האָב אַפֿ גאָרנישט אינגערנעץ ניט צו שאַפֿן“... דוכט זיך, אַזאַ קלײנע מענטשעלע, אָבער ער האָט אין זיך א גרויסן קויעך—ער קען ארויסלאָזן „א שטרײמל אַפֿ קאָהאָל“. און דאָ גײט ער איבער צו טאָלן די קראַפֿט פֿון שטרײמל. דערבײַ באַטאָנט ער אײניקע מאָל: „איר מײנט עפּעס, אַז די גוורע שטעקט אין דעם, וואָס איז אונטער שטרײמל? אָסער באַזוער“. ער באַווײַזט שטענדיק איבער, אַז ער—בערל קאָל־באַס—איז זײער צופֿרידן מיטן שטרײמל. ער דערקלערט מיט צופֿרידנקײט, וואָסער קויעך עס שטעקט אין אים. ער ברענגט פֿאַקטן אײנעם נאָכן צווײטן, און נאָך יעדן פֿאַקט ווענדעט ער זיך ווידער: „נו, שטעקט ניט די גוורע אין מײַן שטרײמל?“...

„און ווער טוט דאָס אַלץ? אַלץ מײַנע יאָרן, אַלץ מײַן שטרײמל!... איך אַז איך דערמאָן מיך אין דער גדולה, וואַקסט מיר טאַקע דאָס האַרץ“.

ער באַרימט זיך מיט זײַן שטרײמל. דאָס איז זײַן אײנציקער טרײסט אין לעבן, און מיט נאַדלעס פֿאַרענטפֿערט ער: „ניט אין זײ אַלע שטעקט די גוורע; אין שטרײמל שטעקט זי, ניט אין באַנאַנעס, ניט אין שליפֿעס... נאָר אַלץ אין שטרײמל, אין דעם שטרײמל, וואָס איך, בערל קאָלבאַס, מאַך!.. און דאָס נאָר דערהאַלט מיך בײַם נאַרײַנג לעבן פֿון קאַרטאָפֿל“.

אין יעדער רעפּליקע, אין יעדער דערקלערונג זײַנער פֿילט איר זײַן טיפֿן סאַרקאַזם. ער לאַכט ווי אין זיך, כאָטש איבערלעב דערצײלט ער אַלץ בעט־מימעס. איר פֿילט, אַז ער שפּאַסט, אַז ער מײנט עס ניט אַפֿ אַן עמעס, און וואָס מער ער וויל אונדז איבערצײַגן אין ...ניקע, אַלץ מער פֿילן מיר דעם הײפּעך. ער דערצײלט אונדז וועגן די צווײ שווערסטער און באַרימט זיך מיט דעם, וואָס דאָס שטרײמל קאָן טאָן, אָבער בײַ אונדז פֿאַרגרעסערט זיך דער האַס צום שטרײמל. ער ליבט דאָס שטרײמל, און מיר קריגן עס אַלץ מער און מער פֿײַנט. ער דעמאַסקירט דאָס שטרײמל, זינגענדיק אים א לויב־געזאַנג.

זעלבסטפארשטענדלעכ, אז דער דאָזיקער טיטל איז ניט נײַ אונ װערט אָפט אויסגענוצט צוליב סאטירישע צוועקנ. אָבער פערעצעס סאטירע, פערעצעס אָפּלײקענונג אונ דעמאסקירונג דערגרייכט א הויכע קינסטלערישע קראפט, אונ דער גאנצער קינסטלערישער געבוי פונ זײַנ מאָנאָלאָג באשאפט דעמ נייטיקנ אײַנדרוק, באַרעכטיקט די אויפגאבע פונ אַװטאָר.

מע קאָנ פאָרלייגנ די שילער פארגלײַכנ „דאָס שטרײַמל" אונ „די פרומע קאַץ" לויטנ אינהאלט אונ אויכ לויט דער פאָרמ. דאָ װעט קלאָר װערנ, אז די פיעסע-פאָרמ האָט געפאָדערט אנדערע מיטלענ אפ ארויסצוברענגענ די אידיי פונ װערק.

מע קאָנ דאָ באװײַזנ אונ דערקלערנ דעמ אונטערשייד צװישנ פערעצעס סאטירעס „דאָס שטרײַמל", „די פרומע קאַץ" אונ זײַנע חסידישע דערציי-לונגענ, װו דאָס זעלבע שטרײַמל װערט פארהײליקט אינ א מיסטיש-ראָמאנטישנ שלייער.

„דאָס שטרײַמל" דארפ מענ אָנ סאָפעק פאָרלייענענ אינ קלאס (דער לערער אָדער א שילער). מע דארפ זיכ נומ צוגרייטנ צו דער דאָזיקער פאָר-לעזונג—ס'איז א דערציילונג מיט אנ אויסערגעװיינלעכ רײַכער רייד-אינטאָנא-ציע, זייער שפּאָרעװדיק אונ געפרעסט. אויב די דערציילונג װעט קינסטלעריש פאָרגעלייענט װערנ, װעלנ די שילער געװיס גיכער אויפכאפנ די אידיי פונ װערק.

## צװישנ צװיי בערג

מעטאָדישע אָנװײַזונגענ. ענטפערנ לויט פראגנ. קאָ-מענטאריעס פונ לערער. פערעצעס אָפּװײַכונגענ פונ רעאליזמ האָט אויכ געענדערט דעמ סטיל אונ געבוי פונ זײַנע נאָװעלנ.

---

„צװישנ צװיי בערג" געהערט צומ ציקל חסידישע דערציילונגענ. אינ זײַ טרעט פערעצ אָפּ פונ דער רעאליסטישער שילדערונג, פונ זײַנע רעאליסטישע נאָװעלנ, אינ װעלכע ער האָט גערופנ צו אנ אקטיװנ פראָטעסט קעגנ דער אלטער װעלט, צומ קאמפ פאר א נײַעמ װעלט-סיידער. אָבער אויכ אינ די חסידישע דערציילונגענ הערשט דער אומרויִקער גײַסט, װעלכער האָט געזוכט קריגערישנ אויפרײַס-שטאָפ, אויכ דאָ האָט ער באװײַזנ זײַנע העלדנ נאָענטע צומ פאָלק, צו די ברייטע מאסנ. אפילע אינ זײַנע מיסטישע װערק האָט ער געזוכט דעמ אומרויִקנ מענטשנ, װעלכער זוכט, עמעס, אָפט ניט דאָרט, װו מע באדארפ. אויכ דאָרטנ האָט ער פײַנט דעמ פיליסטער, די זאטע באלע-בעטלדיקע רויִקײַט.

אינ „צװישנ צװיי בערג" האָט פערעצ געפרוװט זוכנ אונטערנ מיסטישנ שלייער ליבע צומ פאָלק. ער איז ארויסגעטראָטנ קעגנ דעמ „אריסטאָקראט פונ גײַסט", אונ זײַנ גאנצע סימפאטיע איז אפ דער זײַט פונ ביאלער רעבע, װעלכער האָט ניט געקאָנט אויסהאלטנ די גײַסטיקע צאדיקישע

אפגעזונדערטקייט אונ איז אוועק צומ פאלק. פערעצ האט גוט פארשטאנענ, אז אינ זײנע בײדע העלדנ שטעקט גענוג רעאקציאָ־נערעס, אונ זײ בײדע האט ער שארפ אונ סארקאסטיש דעמאסקירט אינ „דאס שטרײמל". אבער אינ דעמ דאזיקנ עטאפ פונ זײנ שאפונג האט ער געפרוווט זוכנ בא די גרינגערע פונ דער כסידישער באוועגונג דאס דעמאקראַ־טישע קערנדל, אדאנק וועלכנ זײ האבנ צוגעצויגנ צו דער דאזיקער באווע־גונג ברײטע שיכטנ פונ פאלק.

פערעצ האט אינ זײנ ארויסטרעטונג קעגנ ד. פינסקי געשריבנ: „פינסקי האט געזינדיקט קעגנ דער צײט, אונ די צײט האט זיכ מיט אימ אפגערעכנט". דאס זעלביקע קענ מענ אויכ זאגנ וועגנ פערעצנ. ער איז אוועק פונ דער רעאליסטישער שילדערונג אונ האט פארלארנ דעמ געשיכטלעכנ אריענטיר, ער האט פארגעסנ דעמ ריכטיקנ וועג צו דער צוקונפט.

אבער פערעצ האט ניט ישאלעמ געמאכט מיט דער קאפיטאליסטישער ווירקלעכקייט. ווי פריער האט ער פארהאסט די וועלט פונ עקספלואטאציע, פונ סאציאלנ אומרעכט, ווי פריער האט ער פײנט געהאט דעמ גאנצנ באלע־בעסלדיקנ לעבנ־שטײגער. עס איז ניט קלענער געווארנ פערעצעס ליבע צו די אונטערדריקטע פאלקס־מאסנ, ער האט קיינמאל ניט פאראטנ די אינטערעסנ פונ פאלק. אונ ווי ער זאל ניט בלאנדזשענ, אינ דער גרעסטער פארצווייפלונג זײנער, האט ער פאר זיכ געזענ דאס פאלק אונ זײנע אינטערעסנ. פאר אימ האט פערעצ געווײטיקט, אימ האט פערעצ געשענקט דאס סאמע טיפסטע אונ שענסטע פונ זײנ שאפונג.

נאכ דעמ גײסטיקנ ארײנפיר פונ לערער וועגנ כאסידיזמ אונ ראווינוזמ גייענ איבער די שילער צומ אנאליז פונ ווערק לויט פאלגנדיקנ פלאנ:

1. דער ראמאנטישער עלעמענט אינ „צווישנ צוויי בערג".
2. די אנטוויקלונג־ליניע פונ „צווישנ צוויי בערג".
3. דער קאנטראסט צווישנ בריסקער ראוו אונ ביאלער רעבנ.
4. די סטיליסטישע מיטלענ פונ דער דערציילונג.

---

1. ווי מיר האבנ שוינ באמערקט, איז פערעצ שפעטער אפגעגאנגענ פונ רעאליזמ, אונ דאס האט געבראכט צו דעמ, וואס בא פערעצנ איז אפגע־שוואכט געווארנ די טראדיציע פונ דער יידישער קלאסיק: די בייזע צונישט־מאכנדיקע סאטירע, די הויכע שארפע שטים קעגנ אומרעכט אונ אונטערדרי־קונג, דאס אויסלאכנ די שלעכטע זײטנ פונעמ יידישנ לעבנ. פערעצ גייט אוועק פונ דער רעאלער וועלט אונ דיכטעט אויס א ראמאנטישע וועלט פאר זיכ. אבער אפרײסנדיק זיכ פונ געזונטנ באדנ פונ פאלקס־לעבנ, בלאנדזשעט ער אויכ ארומ צוזאמענ מיט זײנע העלדנ אנ א וועג אונ אנ אנ אויסוועג.

קעדיי צו באַרעכטיקנ זײנע העלדנ, הילט ער זיי אײנ אינ א ראמאנטיש־מיסטישנ שלייער. זיי פארלירנ זייער מענטשנ־געשטאלט. אט א רעאלנ באדנ קומענ פאר אומגעוויינלעכע דערשיינונגענ: דער כאלעמ, דעמ רעבנס אוועקגיינ

איבער דער וועלט, די שרעקס פארן בריסקער ראָוו, דאָס מיסטישע בילד פון רבנס נאַניקל—דאָס אַלץ גיט צו אַ געוויסע אומנאַטירלעכקייט און איבער־נאַטירלעכקייט דער שילדערונג, באַטאָנט אַרום זיי עפּעס געהיימניספולעס און פאַרנעפּלטעס. דער גלויביקער שטעטל זעט אַלץ אַנדערש, ניט ווי אין דער ווירקלעכקייט. די נאַטור, אַלץ אַרום נעמט אָן אַקטיווע אָנטייל אין דער געשע־עניש, אין דער באַגעגעניש צווישן די „צוויי בערג". דער רעגן, דער הימל, די זון זיינען איידעס פון די געשעענישן, רעאַגירן אַזוי אָדער אַנדערש, מישן זיך אַריין אין די מענטשלעכע ענינים, באַקומען דעם אָדער יענעם אויסזען, אָפּהענגיק פון דעם אָדער יענעם אָנטיילנעמער.

2. ווי אַסאַך אַנדערע דערציילונגען, בויט פּרץ אויך די דערציילונג „צווישן צוויי בערג" אויפן קאָנטראַסט. שוין דער נאָמען אַליין ווייזט אָן אויף דעם דאָזיקן קאָנטראַסט: צוויי קעגנזעצלעכע מענטשן אי לויט זייער אויסער־לעכן אויסזען, אי לויט זייער אינערלעכן אינהאַלט.

„דאָס איז געווען אַ מענטש, אַן אמת באַרזעל, זאָג איך אייך! אַ הויכער־ הויכער ייד, מאַקע „מעשׂיכמיי האַמאַלאַ"... אַ ווייסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ געדענק איך נאָך ווי היינט, האָט זיך אים אַריינגערוקט אונטערן גאַרטל, דער צווייטער שפּיץ באָרד ציטערט איבערן גאַרטל... ברעמען—ווייסע, דיקע, לאַנגע—אַ האַלב פּנים האָבן זיי אים באַדעקט. און אַז ער האָט זיי אויפגעהויבן—ריבוינעשעלוילעם! די נאָשים זיינען מאַמעש צוריקגעפאַלן, ווי פון אַ דונער צוריקגעוואָרפן, אַזוינע אויגן האָט ער געהאַט!—באַלאָפּים, בלאַנקע באַלאָפּים האָבן אין זיי געבליצט!..."

פאַרקערט, דער ביאַלער רבי איז „אַ דאַרער, אַ קליינער, אַ שוואַרץ בערדל, שוואַרצע געקרייזלטע פּאות, אַ פאַרטראַכטער, אַ שטיל קול... דעם ביאַלער רבינס אויגן לאַכן אַזוי גוט, אַזוי שטיל, עס קומט אַריין אַ בטחון אין האַרץ; ער וואַרפט אויף דיר אַ בליק, האָט ער דיך מיט גאָלד באַשיט"...

דער דאָזיקער קאָנטראַסט גייט דורך דער גאַנצער דערציילונג. שוין פון אָנהייב דערקלערט דער דערציילער, פאַרוואָס איז אַוועק פון בריסקער ראָוו דער ביאַלער רבי. זיי האָט דערווייטערט איינעם פון דעם צווייטן ניט נאָר די פאַרשיידנקייט פון כאַראַקטער, נאָר אויך זייער באַציִונג צו דער וועלט, צום מענטשן, צו די מאַסן: „די צוויי בערג האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן... זיי האָבן זיך ניט אויסגעגלייכט", און מיט דעם פאַרענדיקט ער די דערציילונג.

3. די דערציילונג איז געבויט לויט דער פאָלגנדיקער ליניע: דער ביאַלער רבי איז יאָרן געווען דעם בריסקער ראָווס אַ תּלמיד. זייערע וועגן גייען זיך אָפּ פונאַנדער. אָפּגעזונדערט פליסט דאָס לעבן פון די ביידע „בערג". זיי האָבן צווישן זיך קיין געמיינזאַמעס, זיי טיילן אָפּ טיפע און פאַרשיידענע איבערצייגונגען. זייערע וועגן קרייצן זיך איבער נאָכאַמאָל אין ביאַלע און גייען זיך ווידער פונאַנדער. די ווידערשפּרוכן זיינען פאַר דער צייט נאָך טיפער געוואָרן, די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן זיינען פאַר דער צייט נאָך שטאַר־קער געוואָרן, זיך אויסגעקלאָרט. די פריִערדיקע ניט קלאָרע אומצופרידנקייט איז אויסגעוואַקסן אין אַ טיפן פּרינציפּיעלן שטרייט. אָט די באַגרינדונג פון

דער פארטיפערונג פונ די מיינונגס-פארשיידנהייטנ צווישנ בריסקער ראוו און ביאלער רעבנ גייט דורכ ווי א פאדעמ דורכ דער גאנצער דערציילונג.

4. די דערציילונג „צווישנ צוויי בערג“ פאדערט שוינ א גאנצע ריי נייע סטיליסטישע מיטלענ. דא פארשווינדט שוינ פערעצעס בייזער סאטירישער טאנ, דא איז דער דערציילער א גלויביקער, ער זעט אנדערש די רעאלע וועלט. ער זעט אינ רעבנס מאט, אינ רעבנס וואנט עפעס אויסערגעוויינלעכעס, מיסטע קאוואנעס. ער דערציילט ניט וועגנ געוויינלעכע מענטשנ, נאר וועגנ „בערג“, אונ דאס געוויינלעכע קומט בא אימ אויס פארענדערט, פארגרעסערט.

אינ זיינ דערציילנ, וויאזוי ס'איז אויפגעקומענ דער געדאנק ארויסצורופנ דעמ בריסקער ראוו, וויאזוי דער רעבנ האט געשטערט זיינ קומענ, וויאזוי זיי האבנ זיכ געטראפנ אונ וויאזוי די ביידע צדדימ האבנ אנדערש געזענ די יאנטעוודיקע יידנ, באקומט אלצ א ניט-געוויינלעכע באלויכטונג. ער ניט שטענדיק צו: „מיילע, וואס זאל איכ אייכ דערציילנ? דעמ בריסקער ראוונס מוירע?... צי האט איר געקענט דעמ בריסקער ראוו?“. וועגנ אימ רעדט ער מיט שרעק אונ פאכעד: „איימע וואפאכעד! א גאונ, א פארצייטישער גאונ! אונ ער גייט ארײַנ צו א יוילדעס! ער וועט פונ איר מאכנ א גאל שעל-אצאמעס!...

דעמ ביאלער רעבנ מאלט ער מיט גאר אנדערע פארבנ: „גישט קיינ מוירע, באשוועשאלעמ, האט מענ פאר אימ, נאר די געשאמטע צענייעס אינ ליבשאפט, אינ מעסיקעס פונ ליבשאפט. זי וויל ארויס פונ גופ אונ באהעפטנ זיכ מיט זיינ נעשאמע... זי רייסט זיכ ווי, לעהאוודל, א זומער-פליגעלע צו א העלער פלאמ!“...

די אלע פארגלייכונגענ, עפיטעטנ אונ אנדערע סטיליסטישע מיטלענ באטא-נענ דעמ קאנטראסט צווישנ די „צוויי בערג“. אלצ איז אונטערגעווארפנ איינ גרונט-ציל: פרווונ קינסטלעריש געבנ דאס פראגרעסיווע, וואס פערעצ האט געזענ בא די גרינדער פונ דער כסידישער באוועגונג.

נאכ דעמ דאזיקנ אנאליז קענ מענ פארלייגנ די שילער איבערלייענענ נאכ אייניקע כסידישע דערציילונגענ ווי „אויב נישט נאכ העכער“ אונ דורכפירנ אנ אנאלאגיע צווישנ די דאזיקע דערציילונגענ.

מע קענ אויכ פארלייגנ די שילער שריפטלעכע ארבעטנ אפ די טעמעס:

1. ראמאנטיזמ אונ רעאליזמ אינ פערעצעס ווערק.
2. כסידימ אינ פערעצעס שאפונג, אונ די סיבעס פונ די דאזיקע סטירעס.

IV

# פערעצ־אויסשטעלונג אינ שול

די צוגרייטונג צו דער אויסשטעלונג דארפ מענ פארבינדנ מיט דער גאנצער ארבעט ארומ דער פײַערונג פונ פערעצעס געבורטס-טאָג.

די ארבעט ארומ דער ליטעראַרישער אויסשטעלונג איז א קאָמפּליצירטער פּעדאַגאָגישער פּראָצעס, װעלכער גיט די שילער די מעגלעכקײַט טיפער צו באַנעמענ די װערק פונעם שרײַבער. די אויסשטעלונג לערנט אונטערסלײַבנ, אַנאַליזירנ, סיסטעמאַטיזירנ א רײַ מאַטעריאַלנ. זי העלפט אויכ מיט דער אַנטװיקלונג פונ קינסטלערישנ געשמאַק.

די אויסשטעלונג, געװידמעט פערעצעס אָנדענק, דארפ ארומכאַפּנ דאָס לעבנ אונ שאַפנ פונעם שרײַבער, געבנ א קלאָרע פאָרשטעלונג די שילער, אינ װעלכע באַדינגונגענ האָט געלעבט פערעצ, א פאָרשטעלונג װעגנ די גרונט-עטאַפּנ פונ זײַנ לעבנ, װעגנ דעמ גרונט-כאַראַקטער פונ זײַנ שאַפנ. די אויס-שטעלונג דארפ האָבנ, אומגעפער, פאָלגנדיקע אָפּטײלונגענ:

1. פערעצעס עפּאָכע.
2. פערעצעס לעבנ.
3. פערעצעס מיטצײַטלער.
4. פערעצעס שאַפונג.
5. פערעצ אונ די הײַנטצײַטיקײַט.

## 1. פערעצעס עפּאָכע

מענ דארפ אזוי אויסמאָנטירנ די ערשטע אָפּטײלונג פונ דער אויסשטעלונג, אז די שילער זאָלנ זיכ קלאָר פאָרשטעלנ רוסלאַנד פונ די 80-ער, 90-ער אונ 900-טער יאָרנ, װי יאָרנ פונ שװערער רעאַקציע אונ אָנװוקס פונ דער רעװאָ-ליוציאָנערער באַװעגונג.

פונ פעדאגאָג, פונ זײַנ איניציאַטיװ איז אָפּהענגיק די אויספאָרמירונג פונ דער דאָזיקער אָפּטײלונג. צו דער כאַראַקטעריסטיק פונ דער עפּאָכע קענ מענ אויסנוצנ פיל אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלנ, װאָס כאַראַק-טעריזירנ די צארישע רעאַקציע, די צארישע צענזור, די פאַרפאָלגונגענ פונ רעװאָליוציאָנערנ. דאָ קענ מענ אויסנוצנ רעפּראָדוקציעס פונ די בילדער פונ פּאַסטערנאַק, אַנטאָקאָלסקי, פּענ אונ אַנדערע.

# 2. פערעצעס לעבנ

אינ דער צווייטער אפטײלונג פונ דער אויסשטעלונג „פערעצעס לעבנ" דארפ מענ כראנאלאגיש איבערגעבנ די לעבנס־עטאפּנ פונ שרײבער: פערעצעס עלטערנ, די קינדער־יאָרנ אינ זאמאָשטש, דעמ שרײבערס ליטעראַרישע לערער, זײנע מיטצײטלער א. א. וו. דעמ גאנצנ מאטעריאל שטעלנ מיר אויס אינ עטלעכע סטענדנ:

### דער ערשטער סטענד (1851—1877)

1. פערעצעס פּאָרטרעט פונ די קינדער־יאָרנ.

טעקסט: י. ל. פערעצ איז געבאָרנ געוואָרנ דעמ 18 מײ 1851 יאָר אינ זאמאָשטש. (געוועזענער ליובלינער גובערניע).

2. דער פּאָרטרעט פונ פערעצעס מוטער.

טעקסט: „שטיל עפנט זיך די טיר, שטיל באַוועגט קומט ארײנ די מאמע. איך זע זי קומט בא דער שײנ פונ דער לעוואָנע אינ פענצטער. זי שוועבט שטיל צו צומ בעט, זעצט זיך קעגניבער, קוקט מיר מיט חײשעק אינ פּנימ ארײנ... איך קאָנ די אויגנ ניט שליסנ, איך מוז זי זענ, אונ זענ, ווי פונ די אויגנ אירע רינענ שטיל, שטיל די טרערנ... זי געזעגנט זיך מיט מיר..." („מײנע זיכרוינעס").

3. דער פּאָרטרעט פונ פערעצעס פאָטער.

טעקסט: „דער פאָטער מײנער... איז געווענ א ליבעראל, עפּשער אנ אנארכיסט" („מײנע זיכרוינעס").

4. פערעצ אונ זײנע מעלאמדימ.

טעקסט: „א קלײנ מאָגער ייִדל, גערופנ האָט מענ אימ דעריבער: בערישל. א בייז ייִדל, שלאָגנ אָבער קאָנ ער נישט, אז ער קומט אינ כּעס ארײנ, הײבנ אימ אָנ די הענט צו ציטערנ.

— הענעך! — רופט ער דעמלט צו דער רעביצנ, — כאפּ די קאָצערע אונ שפּאלט דעמ אמאָרעצ דעמ קאָפּ".

„צוויי זאכנ האָט ער ליב געהאט, דער רעב יודל: שמײסנ איבער די פינגער מיט רימלעך אונ פּיראָגעס, וואָס די רעביצנ פלעגט אימ מאכנ אינ א יוימטעוו דעפּאנרע — אונ אהעקנײנ... זי קאָנ נישט לײדנ „ווי דער באלמעכוּיע פרעסט, ווי דער שמאלצ רינט איבערנ פּיסק"...

5. שעבערשינ אונ זאמאָשטש („מײנע זיכרוינעס").

טעקסט: „ערשט אינ דער הילצערנער שטאָט, ערשט אינ נידעריק געבויטנ, שינדל־אונ אויך שטרוי־געדעקטנ שעבערשינ פלאנצט זיך אונ שטעלט זיך אופ פאר מײנע פּנימ־פארבענקטע אויגנ מײנ געמויערטע, דרײשטאָקיקע, אײזנ־אונ דאך־ציגל־געדעקטע הײמ, וואָס ציט זיך ניט אויס אינ דער לענג ווי אנ „אָפּגעשטאנענער פיש", נאָר מוז צווישנ וואלנ געדרענגט וואקסנ ארופ צו דער הײכ".

6. וואַכטשע און האַסקאַלע.

טעקסט: „די פֿאַסטעכער זײַנען געווען „אויסגעמיטנט" מיט פּריצימ, געשפּילט זיכ פּריציש, געקומען און געבראַכט אינ שטאָט אַרײַנ פּריציש־ע מינ־הגימ, ווי די „לײַפּציקער סאַכריקנ" פֿונ לײַפּציק — אַ ביסעלע דײַטש...

„...מײַנ פֿעטער, וואָס האָט זאַמלענ מײַנע קסאָווימ — מײַנע „באַטאַמ־גשדימ" — פֿראַגט זיכ דײַטשמעריש ניט נאָר קורצ, אָבער גיכט איבער די פּני (צוויי מאָל געהערט: ביז צו די קני — דײַטשמעריש, נאָר קורצ, אַז מע וואַשט זיכ און די מאַרינאַרקע ריירט קוימ אָנ מיט די ווײַטנ דאָס געזעס — אָבער דײַטש.) פֿאַרנ דורכ בראָדער זינגער, קומענ זיי צו אימ זינגענ... בײַ אימ איז דאָ אַזאַ קלײנע ספּאַרימלעכ אינ אַ „גלעזערנער" שאַנק. צווישנ אַנדערע: ראָקסטער עטינגערס „סערקעלע", זײַנ „קונעלי", וואָס ער האָט איבערגעמאַכט פֿונ שילערס „גלאָקע".

7. פּערעצעס בילד אינ דאָס בילד פֿונ זײַנ צווייטער פֿרוי.

8. פּערעצעס בילד אַלס פּריוואַט־אַדוואָקאַט (1879 יאָר).

צווייטער סטענד (1915—1877)

1. „מאָנִיש" (1888 יאָר). אויטאָביאָגראַפֿישע ציטאַטנ.

דער שאַר־בלאַט פֿונ שאָלעמ־אַלייכעמס „יידישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק".

2. פּערעצ אַלס אָנגעשטעלטער אינ דער וואַרשעווער גמינע. (1890). בילד.

טעקסט: פּערעצ וועגנ זײַנ אַרבעט אינ דער גמינע (פֿונ זײַנע „בריוו").

3. פּערעצעס „יאָנטעוו־בלעטלעכ" — אָריגינאַל אָדער פֿאָטאָגראַפֿירטע טאַר־בלעטלעכ.

4. פּערעצעס אַרעסט.

5. פּערעצ אונ דער יידישער טעאַטער.

6. פּערעצ אינ דער צײַט פֿונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע (1915—1914).

7. פּערעצ אויפֿנ טויטנ־בעט (בילד).

## 3. פּערעצ אונ זײַנע מיטצײַטלער

פּערעצ אונ דינעזאָנ, פּערעצ אונ שאָלעמ־אַלייכעמ, פּערעצ אונ מענדעלע, פּערעצ אונ ספּעקטאָר (פֿאָטאָגראַפֿיעס). אַלס מאַטעריאַלנ צו דער דאָזיקער אָפּטיילונג וועלנ אויכ דינענ פּערעצעס בריוו אונ אַרטיקלענ.

דער צענטראַלער טייל פֿונ דער אויסשטעלונג איז די אָפּטיילונג „פּערעצעס שאַפֿונג".

וואָס ניט אַנדער אַרײַנ;

1. פּערעצעס ליריק.
2. פּערעצעס העלדן.
3. פּערעצעס שפּראַך.
4. רעאַליזם און ראָמאַנטיזם אין פּערעצעס ווערק.
5. פּערעץ און טעאַטער.
6. אילוסטראַציעס צו באַזונדערע ווערק.
7. פּערעץ און אונדזער הײַנטצײַטיקײַט.

די ראַזיקע אָפּטײלונג פֿון דער אויסשטעלונג דאַרף אויפֿדעקן די פּילאַרטי-קײַט און טיפֿקײַט פֿון פּערעצעס שאַפֿונג. מיטן אָנטייל פֿון די שילער, קינסט-לער פֿון שול און פּאָטאָ-ליבהאָבער דאַרף מען דעם ראַזיקן אָפּטייל מאַכן מאַר-ביק און אינהאַלטלעך. די גאַנצע אַרבעט אַף אויספֿאָרמירן די ראַזיקע אָפּטיי-לונג איז נויט צונויפֿבינדן מיט דער אַרבעט פֿון ליטעראַרישן, קינסטלערישן און אַנדערע קרײַזלעך. פֿאָרבראַנג אַף די טעמעס פֿון דער אויסשטעלונג וועלן מאַכן אינטערעסאַנט די אַרבעט פֿון ליטעראַרישן קרײַז, וועלן העלפֿן זיי שילער אַרויסווײַזן זייער שעפֿערישע איניציאַטיוו.

פֿאַר דער אָפּטײלונג דאַרף מען אָפּגעבן א גרויסע וואַנט. אינדערהויך, אַף א לאַנגן פּאַס פּאַפּיר, וואָס ציט זיך איבער דער גאַנצער וואַנט, וועלן די קינסטלער אָנמאָלן די סילועטן פֿון פּערעצעס העלדן. אינמיטן—א שיין אויס-געמאָלט פּערעץ-בילד און אונטער איר—אַן אינטערשריפֿט פֿון זײַן ליד „האָפּ און גלויבט".

האָפּ! נישט ווײַט איז שוין דער פֿרילינג,
ס'וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען!
נײַע נעסטן, נײַע פֿייגל
וועלן נײַע לידער זינגען;—
גלויב, די נאַכט וועט זײַן פֿאַרשווּנדן,
און די וואָלקנס אויך צערונען,
בלאָ וועט ווערן זײַן דער הימל—
נײַע שטערן, נײַע זונען!

א גרופּע שילער קאָן נעמען אַף זיך די טעמע „פּערעצעס ליריק". אַהער גייט אַרײַן אויסלערנען לידער אַף אויסווייניק, פֿעסטשטעלן דעם אַלגעמיינעם טאָן פֿון פּערעצעס לידער, די מוזיקאַליש זײַט פֿון פּערעצעס ליריק, לידער צום זינגען א. א. וו.

דער טייל, וואָס כאַפּט אַרום פּערעצעס רעאַליסטישע דערציילונגען, דאַרף מען אויספֿאָרמירן אַזוי: דער לערער ווײַזט אָן דעם מאַטעריאַל, וועלכן מע דאַרף איבערלייענען. אין פּראָצעס פֿון לייענען דאַרפֿן די שילער אָפּמערקן: 1) וועלכע טעמעס קלײַבט אויס פּערעץ? 2) וועלכע געשטאַלטן האָבן צוגעצויגן פּערעצעס אויפֿמערקזאַמקײַט? 3) וועלכע קינסטלערישע מיטלען האָט אויסגענוצט פּערעץ? 4) די באַציִונג פֿון אויטאָר צו די געשילדערטע העלדן?

דער טייל פֿון דער אױסשטעלונג, װאָס אילוסטרירט פּערעצעס העלדן, [illegible] א גרױסע צאָל שילער, װײַל סע קאָן יעדן שילער אָדער א גרופּע שילער געבן די אױספֿאָרמירונג פֿון אײן העלד.

װאָס דאַרף צושטעלן דער שילער? 1) דעם פּאָרטרעט פֿון העלד, װעלכן ער װעט אַלײן געמאָלט, א פּאַסטעל-בילד אָדער פּלאַסטיק אַן אילוסטראַציע פֿון א בוך (אין דער רוסישער איבערזעצונג פֿון פּערעצן זײַנען דאָ אַסאַך אילוס-טראַציעס). 2) אױסצוגן דאָס װערק, פֿונװאַנען עס איז גענומען געװאָרן די געשטאַלט. 3) קורצע ציטאַטן, װעלכע באַצײכענען די גרונט-כאַראַקטעריסטיק פֿונעם העלד.

ענדלעך, צו דער טעמע „פּערעץ און די הײַנטצײַטיקײַט“, דאַרף מען ברענגען אױסצוגן פֿון די צײַטונגען און זשורנאַלן, װעלכע באַצײכענען דעם 80-טן יאָרטאָג פֿון פּערעצעס געבױרן.

אין דער צײַט פֿון יובילײ דאַרף מען די אױסשטעלונג באַװײַזן דער גע-זעלשאַפֿטלעכקײַט, אױספֿײַלנדיק פֿאַר דערקלערער די בעסטע שילער.

